ד״ר ישראל חיים פאמעראנץ

*

# משיח-מאטיוון
# אין דער
# אמעריקאנער - יידישער פאעזיע

ד״ר ישראל חיים פאַמעראַנץ

# משיח־מאָטיוון אין דער אַמעריקאַנער־יידישער פּאָעזיע

פאַרלאַג ״חיפה״

ביי דער חיפהער אָפּטיילונג

פון יידישן שרייבער־און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל

תשכ״ז - 1966

## אינהאלט:

# ד״ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ

**(1962 — 1904)**



אין 1954-סטן יאָר האָט ישראל חיים פּאָמעראַנץ געקראָגן פון ישיבה אוניווערסיטעט דעם טיטל דאָקטאָר פאר זיין דיסערטאַציע: „משיח-מאָטיוון אין דער אמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע״. דאָס איז א גרינטלעכע שטודיע וועגן דער יידישער, סאָציאַלער דיכטונג, פון 19-טן און צום טייל פון 20-טן יאָרהונדערט.

עס איז אויך נישט קיין צופאל, וואָס ישראל חיים פּאָמעראַנץ האָט אויסגעקליבן א סאָציאַל-ליטערארישע און טראַדיציאָנעל-עטישע טעמע פאר זיין דאָקטאָר דיסערטאַציע.

חיים פּאָמעראַנץ, ווי פריינד פלעגן אים רופן, איז געווען טיף פארוואָרצלט אין אונדזער אלטער, דורותדיקער יידישער קולטור-ירושה. ער איז פאר יאָרן לאַנג געווען א לערער אין די יידישע שולן. די גרויסע צאָל תלמידים זיינע פון די יידישע שולן וועלכע וואוינען איצט אין פארשיידענע שטעט פון די שטאַטן האָבן אים שטארק פארערט און האָבן געהאַט פאר אים גרויס דרך ארץ.

אונדזער אלטע, יידישע קולטור, פונקט ווי אונדזער נייע, יידישע ליטעראַטור, איז דורכאויס א סאָציאַל-עטישע; דאָס וואָס ווערט דערציילט אין ס׳רוב יידישע ווערק שפּיגלט אָפּ אונדזער לעבן, דעם קאַמף פאר קיום, די משיח-חלומות און האָפענונגען פון דורות יידן. אויף דער יידישער ליטעראַטור ליגט דער חותם פון דעם בשותפותדיקן גורל פון אונדזער פאָלק; דאָס זענען נישט סתם עסטעטישע שאַפונגען, לירישע געזאַנגען און איידל-ראַפינירטע איבערלעבונגען פון סובטעלע און געפּילפּולע יידישע

נשמות. די גרויסע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור זענען דער חשבון הנפש וואָס אונדזער פאָלק האָט געפירט פאַר זיך, פאַר דער וועלט און פאַר די קומענדיקע דורות.

עס איז דעריבער געווען נאַטירלעך פאַר חיים פּאָמעראַנץ, דעם פאַר־ליבטן אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס ער האָט אויסגעקליבן די יידישע, סאָציאַלע דיכטונג פאַר זיין שטודיע־אַרבעט. ער אַנאַליזירט אין זיין ווערק דאָס יידישע אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע ליד פון יוסף באָווּשאָווער, דוד עדעלשטאַט, מאָריס ראָזענפעלד, און ווייזט אָן די קרובהשאַפט פון זייער סאָציאַלער דיכטונג און די משיח־וויזיע, ווי זי שפּיגלט זיך אָפּ אין אונדזער געשיכטע און פאָלקס פּסיכיק. ער איז אינגאַנצן גערעכט ווען ער שרייבט אין דעם נאָכוואָרט פון זיין בוך: „די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע איז דעריבער פאַקטיש ביי איר אָנהייב געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער יידישער משיח־טראַדיציע און גלויבן, הגם מען וויל זי גאָר פאַרשטעלן ווי פאַרלייקענער און דערווייטערטע פון יידישן געדאַנקען־גאַנג. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז זי האָט בלויז סובלימירט אונטערבאַוווּסטזיניק דעם יידישן משיח־געדאַנק — אָבער באַוווּסטזיניק האָבן די ערשטע אַמעריקאַנער יידישע דיכטער זיך געוואָלט אָפּטרייסלען פון נאַציאָנאַלן גאולה־פּאַטאָס לטובת אַלמענטשלעכע אידעאַלן״.

ישראל חיים פּאָמעראַנץ האָט געהאַט גרינטלעך יידיש און אַלגעמיין וויסן און ליבע פאַר יידישע ווערטן און גרויס דרך־ארץ און פּיעטעט פאַר גייסטיקע יידישע ווערטן.

אין אונדזער יידיש־וועלטלעכער סביבה איז שווער געווען צו געפינען נאָך אַזא קולטור־שעפערישן מענטשן, וואָס זאָל זיך האָבן אַזוי עוסק געווען בצרכי ציבור, ווי ישראל חיים פּאָמעראַנץ. ער האָט נישט באַלאַנגט צו קיין שום פּאָליטישער פּאַרטיי, אויב עס וואָלט אין אַמעריקע עקזיסטירט אַ יידישע פאָלקס־פּאַרטיי ווי אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן, וואָלט עס אים געווען צום הארצן; דעריבער איז ער געווען טעטיק אין יענע אָרגאַניזאַ־ציעס וואָס טראָגן נישט קיין ספּעציפישן פּאַרטיי־כאַראַקטער, ווי אַ שטייגער: דער שלום־עליכם פאָלק־אינסטיטוט, אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, און גאָר באַזונדער דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט

(ייווא) און דער כוללדיקער יידישער ווערטערבוך. ביי אים האָט געלעבט בשלום, אַ מין קאָ-עקזיסטענץ, סיי „דאָאיקייט" און סיי „דאָרטיקייט" הגם ער איז געווען ראשו ורובו אריינגעטאָן אין „דאָאיקייט", ביי אים האָט אָבער „דאָרטיקייט" — מדינת ישראל, פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין זיין גייסטיק לעבן, און אין לעבן פון זיין היים.

אַן ערך פיר יאָר איידער ער איז געשטאָרבן, האָט זיך חיים פּאָמעראַנצן איינגעגעבן צו פאַראינטערעסירן דעם ליבעראַלן רוזוועלט אוניווערסיטעט אין שיקאַגאָ צו עפענען אַ קאַטעדרע פאַר יידישער ליטעראַטור — און יידישער געשיכטע. ד"ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ איז באַשטימט געוואָרן פון אוניווערסיטעט צו זיין דער דאָצענט פון דעם לימוד אין יידישער ליטעראַטור. אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט די נייטיקע אַקאַדעמישע צוגרייטונג, איז ער מיט צוויי יאָר שפּעטער באַשטימט געוואָרן ווי דער אַסאָציאירטער פּראָפעסאָר פון יידישער ליטעראַטור.

אין די ערשטע צוויי יאָר האָט ד"ר ישראל חיים פּאָמעראַנץ געהאַלטן די לעקציעס אין שיקאַגער רוזוועלט אוניווערסיטעט אויף ענגליש. דאָס איז אָבער געווען אַ פּולער קורס, וואָס האָט אַרומגענומען אַלע ריכטונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, אָנהויבנדיק פון דער פאַר-קלאַסישער תקופה ביז די היינטיקע שעפערישע יידישע קינסטלער. נאָך אַ סך מי און מיט דער הילף פון איינפלוסרייכע מענטשן, האָט פּאָמעראַנץ סוף-כל-סוף דורכגעפירט דעם געגאַרטן פּראָיעקט; און אין רוזוועלט אוניווערסיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אַ יידיש-העברעאישע קאַטעדרע מיט פולע אַקאַדעמישע קרעדיטן. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז עס זענען געווען גענוג פאַראינטערעסירטע סטודענטן וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אויף די קורסן אין יידישער ליטעראַטור, יידיש לשון און העברעאיש.

פלוצלינג און אומגעריכט איז ישראל חיים פּאָמעראַנץ אַוועקגעריסן געוואָרן פון זיין אַרבעט, וואָס איז געווען זיין לעבנס-חלום.

י. ח. פּאָמעראַנץ האָט אפילו אין דער געשעפטס-וועלט אַריינגעבראַכט יידישע ווערטן. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ניו-יאָרק, איז ער געוואָרן אַ וויכטיקער באַאַמטער אין דער מאַנישעוויטץ פירמע, וועלכע האָט אונטער זיין רעדאַקציע אַרויסגעגעבן אַ יערלעכע הגדה, וואו ער האָט

צוגעצויגן וויסנשאַפטלער פון אונדזער סביבה און אויך אַריינגענומען יום-טוב מאַטעריאַלן פון דער יידישער ליטעראַטור.

אין 1946, האָט פּאָמעראַנץ אינספּירירט און רעדאַגירט צוזאַמען מיט יודל מאַרק, שלמה בערקאָוויטש און ד״ר מ. בראָנשטיין דעם „שול פּנקס״, דאָס איז אַ ווערק פון זיבן הונדערט געדיכטע זייטן מיט שול-מאַטעריאַל. ער האָט דאָרטן אַ פּאַרטיפּטן מאמר פון פופציק זייטן — „צום תיקון פון אונדזער שול-אַרבעט״. די דאָזיקע אויסגאַבע וועט זייער שטאַרק צונוץ קומען דעם היסטאָריקער ביים שרייבן די געשיכטע פון יידישן חינוך-וועזן אין אַמעריקע.

י. ח. פּאָמעראַנץ האָט פּאַראייניקט אין זיך לומדות און יידיש-געזעלשאַפטלעכע אחריות.

„משיח-מאָטיוון אין דער אַמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע״ איז נישט בלויז אַ וויכטיקער צושטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטע-ראַטור, נאָר וועט אויך דינען ווי אַ זכרון-שריפט פאַר ישראל חיים פּאָמעראַנץ, וואָס האָט אַ סך פון זיין צייט, טאַלאַנט און מי געווידמעט נישט נאָר לטובת הכלל, נאָר אויך לטובת דעם יחיד.

**י. זילבערבערג**

## מאָטאָ:

...אלטע זוכעניש פון טרייסט אין ספר,
און א וועלט־געשריי פון האס און העץ;
גייען מיר און ווארטן אויפן שופר,
ציילן אלץ און רעכענען דעם קץ.
מיט די אויגן צו די כמארעס אויבן,
מיט די פיס דורך לוזשעס אייגן בלוט,
גייען מיר פארשכורטע פון גלויבן,
וואנדערן און ווארטן אין מארשרוט.
קוקן מיר צום ליכט, וואָס איז פארבאָרגן,
הערן אלץ פון אויסלייזער די טריט:
היינט, צי מאָרגן, אפשר איבערמאָרגן —
קומען וועט ער, ווי ער זאמט זיך ניט!
קומט מען אום אָן צאָל, אין גאנג אין הארטן,
אונטער מחבלס האס און העץ —
בלייבט נאָך איבער תמיד ווער צו ווארטן,
תמיד ווער צו רעכענען דעם קץ.
זוכט מען דאָרשטיקער די טרייסט אין ספר,
און מען פאָרשט די פסוקים מער און מער;
ווארט מען עקזאלטירטער אויפן שופר,
ווערט נאָך אָנגעשפיצטער דער געהער.
ווי מיר גייען אין עקסטאזן פרומע
תמיד מיטן ספר קעגן שווערד —
פאלן ווארטער, דאָך עס בלייבט די אומה
ביזן סוף פון ווארטן אויף דער ערד.
איז עס אונדזער פלוך, צי אונדזער ברכה,
אונדזער פינסטערניש, צי אונדזער שיין —
אונדזער גורל אין דער וועלט־משפחה
איז די ווארטער אויף דער ערד צו זיין.
און מיר גייען און די בעסטיעס ברומען,
לוגט אונדז טויט אויף יעדן קער און ריר,
און מיר ווארטן מוכן און מזומן,
אויסדערוויילט — א ברירה האָבן מיר!

א. ליעסין: „די סדרה לך לך". לידער און פאָעמען, צווייטער באנד, נ"י, 1938.

# הקדמה

דער משיח גערדאנק ביי יידן, ווי אן אלגעמיינער מאָטיוו, האָט כידוע ארויסגערופן א גאנצע ליטעראטור. זינט די תלמודישע צייטן זענען שוין געשאפן געוואָרן א סך ווערק וואָס האָבן געפּרוווט אויספאָרשן כלערליי אספעקטן פון אָט דעם גערדאנק, וואָס איז א חד במינו אין דער קולטור געשיכטע פון דער וועלט.

דער משיח-מאָטיוו אין דער יידישער פּאָעזיע איז ליידער עד היום היפּש פארנאכלעסיקט געוואָרן. אויב אָבער וועגן דער יידישער פּאָעזיע בכלל און אירע אויסלייזערישע טענדענצן זענען שוין אין די לעצטע צענדליקער יאָרן געשריבן געוואָרן א צאָל עסייען, איז אָבער דאָס געביט פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע און איר שייכות צום משיח מאָטיוו נאָך כמעט ווי גאָרנישט אויסגעפאָרשט געוואָרן. דאָס איז נישט געשען מחמת דעם וואָס אויפן דאָזיקן געביט איז פאראן ווייניק מאטעריאל. אדרבא, די משיח טעמאטיק אין דער אמעריקאנער יידישער פּאָעזיע שטעלט מיט זיך פאָר א היפּשע ליטעראטור. אין דעם פרט איז די דאָזיקע ארבעט אן ערשטער אָנהויב.

איך האָב זיך געשטעלט די אויפגאבע צו אנאליזירן טעמאטיש די משיח-מאָטיוון ביי א צאָל יידישע פּאָעטן אין אמעריקע במשך די פארגאנגענע 70 יאָר. א סך אמעריקאנער יידישע פּאָעטן האָבן די משיח-טעמע לגמרי נישט באריררט. עס איז נישט אין גדר פון דער ארבעט אָפּצושאצן די גרויס פון דער פּאָעטישער מדרגה פון אָט די פּאָעטן; עס איז אויך קלאָר, אז איך האָב נישט געקענט זיך אפילו פארורופן אויף אלע פּאָעטן אין אָט דער תקופה; שוין אָפּגערעדט פון טעמאטיש זיי אנאליזירן. ביים אויסוואל — וואָס איז און מוז דאָך אין אזא פאל זיין א ריין סוביעקטיווער — האָב איך זיך גערעכנט מיט די אלגעמיינע בולטע משיח פאזען אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע פון דער תקופה, און אין דער באגרענעצטקייט פון אָט דער ארבעט מיין איך, אז די פּאָעטן וואָס זענען אין איר אריינגענומען געוואָרן, זענען געווען רעפּרעזענטאטיוו. דער הויפּט ציל איז בלויז פעסטצושטעלן אויף וויפל אמעריקאנער יידישע פּאָעטן האָבן באריירערט דעם יידישן משיח גערדאנק מיט פרישע עמאָציעס, ווארעיאציעס און וויזיעס.



די יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע איז אויפגעקומען אין א תקופה וואָס האָט ארויפגעלייגט א ספּעציפישן חותם אויף אירע מאָטיוון און טענדענצן. די אמעריקאנער אומשטענדן האָבן ארויסגערופן א גאָר באזונדערן אומרו און א גאָר אייגנארטיקע וויזיע, וואָס שיידט זיך אויס פון דער גאנצער שטימונג אין דער יידישער פּאָעזיע אין דער וועלט בכלל; אויך דער בליק אויפן משיח טרוים איז באלויכטן געוואָרן פון דער באזונדערער אמעריקא-נער-יידישער שיין.

די פאָרשונג אין שייכות מיט אָט דער ארבעט פירט צו נאָך א שטריך: די יידישע פּאָעזיע בכלל, און די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע בפרט, איז געשאפן געוואָרן דורך דער פאָלקס אינטעליגענץ. די ערשטע פּאָעטן וואָס האָבן אנטוויקלט דעם משיח-מאָטיוו אין אָנהויב פון דעם יאָרהונדערט זענען געווען אנדעריש פון די העברעאישע. מיט ווייניק אויסנאמען זענען זיי געקומען פון דער יידישער נויט און פון יענעם ארבעטער קרייז וואָס האָט געהאט א קנאפּע שייכות מיט די יידישע טראדיציע-קוואלן. זיי האָבן דעם פּאָעטישן משיח פון זייערע לידער געמוזט אויסטרוימען מיטן כוח פון זייער אינטואיציע מער ווי מיט זייער וויסן. דערביי האָבן זיי אים געמוזט דערנעענטערן צו די אקטועלע אידעאלן פון זייער צייט; דאָס איז געווען א וויכטיקע סיבה הלמאי די משיח-טעמאטיק זאָל ביי זיי אָננעמען א גאָר אייגנארטיקע ריכטונג.

פון דער צווייטער זייט ווערט אויך קלאָר, אז אויף וויפל א טייל פון די ערשטע אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן האָט זיך געוואָלט דערווייטערן פון דער יידישער משיח-מסורה, און הגם זייער אייגענע ביאָגראפיע האָט אויך דערצו צוגעהאָלפן, זענען זיי אָבער פאָרט געבליבן אין די ראמען פון דער יידיש-אלטערטימלעכער משיח-טראדיציע. די דאָזיקע דערשיינונג ווערט מער פארשטענדלעך, ווען מען מאכט א געהעריקן אנאליז פון זייער שאפן און די גייסטיקע „הינטערקוליסן" פון זייער עפּאָכע.

די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע-אָנהויבן זענען געבוירן געוואָרן דורך פּאָעטישער אינטואיציע, אָן דעם געהעריקן יסוד פון יידישן גייסטיקן קוואל. אחוץ דעם זענען זיי באהויכט געוואָרן מיט אויסערלעכע אידעאלן, וואָס

זענען דורך אַטאַוויסטישע השפּעות פּאַריידישט געוואָרן און צוגעצויגן געוואָרן צו דער יידישער משיח-וויזיע. עס איז דערפאַר נישט שווער אַנצווייזן די פאַרשטענדלעכע אומשטענדן פאַר פּיל בלאָנדזשענישן און עקספּערימענטן. נישט מיט אַ מאָל האָט זיך אויסקריסטאַליזירט דאָס בילד פון יידישן משיח אין דער אַמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע. דערפאַר זענען פון איין זייט געקומען טיילמאָל די אָפּנויגן צו דער קריסטוס-געשטאַלט און פון דער צווייטער זייט — צו דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיק מיט דעם איבערמענטשלעכן וועלט-באַפרייער.

אַז דאָס זענען נאָר געווען פּרוון, אַ פאַרצווייפלט טאַפּן דעם וועג אין דער וויזיאָנערער טונקלקייט, באַווייזט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג וואָס די אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע האָט דורכגעמאַכט; אַט די אַנטוויקלונג האָט איר צוריקגעפירט צו די לויטערע און ריין-יידישע קוואַלן. וואָס מער זי איז געוואָרן רייפער און קינסטלערישער, אַלץ מער איז זי געוואָרן טיף-יידישער און במילא מער באַזירט אויף דער יידישער מסורה.

דער אַנטוויקלונגס-פּראָצעס אין דעם משיח-מאָטיוו ביי דער אַמערי-קאַנער-יידישער פּאָעזיע איז געגאַנגען להיפך ווי דער זעלביקער פּראָצעס אין דעם אַלגעמיינעם יידישן באַוווסטזיין. דער יידישער משיח אין די אַלטע קוואַלן האָט אָנגעהויבן מיט שטרענג-יידישער אויסלייזונג און דערנאָך אויסגעברייטערט די האָריזאָנטן זיינע ביז צו אוניווערסאַלע טרוימען. די אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע האָט אָנגעהויבן ביים עקסטרעמסטן אינטער-נאַציאָנאַלן משיח און דורך געלייטערט-פּאָעטישע טריט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער ריין-יידישער משיח-געשטאַלט.

אין דער אַמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע האָט משיח געהאַט אַלערליי געשטאַלטן, ווייל ער האָט פּאַקטיש מיטגעלעבט אַלערליי עפּאָכעס און שטימונגען. ער איז טיילמאָל געווען נביא, קעמפער, הערשער, הייליקער, גואל, מבשר, טרייסטער, ריינער און שולדיקער. די דאָזיקע פילגעשטאַל-טיקייט זיינע האָט זיך אָבער אין לעצטן סך-הכל פון דער אַמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע צונויפגעגאָסן אין איין מעכטיקער דורות-פיגור, וואָס האָט כולל געווען די ניצוצות פון אירע פּאָעטישע דערפאַרונגען און איז געוואָרן דער פיל-פּנימדיקער אחד פאַר דער יידישער גאולה.

## קאפיטל איינס

# משיח ווי א באגלייטער פון יידישן דיכטער

ווי נאָר עס איז אויפגעקומען א מאָדערנע יידישע ליטעראטור, האָט זי גלייך באקומען דעם משיח-מאָטיוו פאר א באגלייטער. מיטן טערמין „מאָדערנע ליטעראטור" מיינען מיר די עפּאָכע אין וועלכער עס האָבן זיך אויסגעשיילט נישט נאָר שרייבער ווי יחידים — אפילו קלאסיקער — נאָר בעת ווערק האָבן זיך גענומען קייטלען צו ווערק און עס האָט זיך גענומען שפּירן א קעגנזייטיקע השפּעה און המשך. ווי נאָר די יידישע ליטעראטור האָט זיך ארויסגעריסן פון דעם אויסשליסלעכן השכלה-ציל און גענומען זוכן צענטראלע אידייען, האָט זיך דער משיח-מאָטיוו תיכף ארויסגערוקט אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, הגם אָפטמאָל האָט ער זיך אויסגעדריקט אין אלערליי מן הצד-וואריאציעס און מיטגעמאכט כל המינים גלגולים.

אונדזער ארבעט נעמט ארום א טייל — הגם א זייער וויכטיקן — פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור — די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע. דאָך לאָזט זי זיך נישט אָפּטיילן פון דעם אלגעמיינעם שטראָם פון דער יידישער ליטעראטור, ווייל זי האָט זיך ווייט נישט אנטוויקלט זעלבסט-שטענדיק, נישט ארויסגעוואקסן ווי א באזונדערער טייל פון שעפערישקייט, נאָר געקומען מיט ירושות און השפּעות. אויך דער מאָטיוו פון אָפּן-פאר-בענקטן און פארהוילטן משיחיזם אין דער יידיש-אמעריקאנער פּאָעזיע האָט אריבערגעוואנדערט אין זיינע פארשיידענע גלגולים פון דער אלגעמיינער יידיש-ליטעראַרישער נאָטע. דאָס אמעריקאנער לעבן און זיינע אומשטענדן האָבן בלויז געפורעמט דעם יידישן משיח-מאָטיוו לויט א ספּעציפיש-אמעריקאנער שטייגער.

אין אונדזער ארבעט באמיען מיר זיך צו מאכן א פולשטענדיקן קווער-שניט איבער דער משיח-טעמאטיק אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע, אָן אונטערשייד צווישן איינעם וואָס האָט קוים באוויזן א זינג צו טון וועגן משיחן ביז דעם קלאסישן משיח-טעמאטיקער ה. לייוויק. דאָ גייט אונדז

נישט אין דערגרונטעוועט זיך צום קינסטלערישן ווערט פון יעדן איינעם דיכטער, וואָס געהערט גיכער צום קריטיקער און היסטאָריקער — נייערט אין דעם וויפל א דיכטער האָט צוגעטראָגן צום אויסקריסטאַליזירן און פארהמשכן דעם יידיש-משיחישן אידעאל. אזוי ארום קען א שוואכערער דיכטער בייטראָגן זיין חלק אזוי ווי דער גרויסער.

נישט אלע פּאָעטן האָבן זיך געהאלטן אין די טראדיציאָנעלע ראמען פון דער יידישער משיח-סימבאָליק און משיחישן חלום. טייל האָבן מיטן גאנצן באוווסטזיין רעוואָלטירט אפילו קעגן דער הכנעה׳דיק-פּאסיפיסטי-שער שלימות פון „אָרעמאן וואָס רייט אויף אן אייזל״. זייענדיק אדורכגע-זאפּט מיט די יידישע אור-קוואלן, האָבן פיל יידישע פּאָעטן געפירט דעם יידישן און אלמענטשלעכן משיח אויף זייערע אייגענע חלום-וועגן. זיי האָבן פּאקטיש געוואָלט פריער אויסלייזן משיחן גופא פון זיין ליידנדיק-מארטירערישער הויט און אים געבן אין דער האנט אריין די שווערד פון הייסן קאמף. צוליב דעם האָבן זייערע ידיעות אין די „שווארצע פינטעלעך״ דורכגעמאכט א באוווסטזיניקע איבערפאָרמירונג. אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע האָט זיך אָבער אויך געפונען א שיכט, וואָס איז דעם וועג צו דער פּאָעטישער מוזע אדורכגעגאנגען דורך די פאָלקישע אונטערערדן, דורך דעם האָרעפּאשנעם שאפּ, דורך דער פאָלקסטימלעכקייט, וואָס האָט „די שוועל פון בית המדרש״ נישט באטראָטן. עס איז קיין סוד נישט, אז א גרויסע צאָל אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן זענען ארויסגעוואקסן פון שיכטן, וואָס דאָס יידישע ספר איז זיי געווען פרעמד. זייער פאָרשטעלונג וועגן משיחן האָבן זיי דערפאר געזויגן דירעקט פון דער פאָלקס-פאנטאזיע - און עס וואָלט געווען זייער נאטירלעך, אז זייער משיח-בילד זאָל לכתחילה נישט צונויפפאלן מיט דער אויסגעפיינט-אנטוויקלטער יידישער מסורה.

ובכן, טיילט זיך אין קלאָרע ליניעס די שעפערישע וועלט פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע אין צוויי טיילן: דער עלעמענט פון דעם רעוואָלטירנדיקן בית-המדרש׳ניק, וואָס איז מורד אין זיינע צוימען און רייסט מיט אויך משיחן מיט זיין מרידה... און א צווייטער עלעמענט, וואָס האָט זיין משיח געפורעמט בלויז אויפן סמך פון דער מילד-פאָלקס-טימלעכער קאָנצעפּציע, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו באקענען זיך

אפילו מיט די אלט-יידישע און אינטעלעקטועל-אדורכגעזאפּטע משיח-וואריאציעס.

עס איז אָבער כאראקטעריסטיש, אז אויך דער פֿאָלקסטימלעכער עלעמענט האָט זיך אינטואיטיוו אָנגעשטויסן אין זיין שאפן אויף די שפּליטערן פונעם טראַדיציאָנעלן משיח-אידעאל. דאָ זענען אפשר קיין נסים נישט געשען: זיי האָבן גענומען זייער וויזיע דירעקט ביים פֿאָלק און דאָס פֿאָלק איז קיין מאָל נישט אָפּגעריסן געוואָרן לחלוטין פון די אלטע מקורות — אויב אפילו די מאסן גופא האָבן זיי דירעקט נישט געלערנט. די אלט-יידישע קולטור און אירע איבערליפערונגען האָבן געפונען זייערע אייגענע קאנאלן, דורך וועלכע זיי זענען אריינגעפלאָסן אין דעם פֿאָלקס טרויס אריין. די עכאָס פון זוהר, מדרש, תלמוד, אגדות און פרומלעך-יידישע אריינטייטשונגען האָבן סיוועי באוויזן צו פארכאפּן דעם ייד, וואָס ווייסט נישט קיין „צורת אות״, פונקט ווי דעם למדן און מקובל. דער יידישער משיח איז נישט ווינציקער היימיש געווען מיטן מאסן-ייד ווי מיטן בעל מוח. במילא האָט דער יידישער פּאָעט, וואָס האָט בלויז אדורכגעוואנדערט די וועגן פונעם יידישן געפיל, נישט געקענט לגמרי אָפּגעריסן ווערן פון דער מאמעס נאָפּל-שנור, וואָס האָט דעם משיח-אידעאל אויסגעוויגט אין שויס. דארף מען אפשר נישט איבערראשט זיין, אויב אפילו די יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע, וואָס האָט זיך לכתחילה שטארק דערווייטערט פון דער יידישער טראדיציע — איז זי אָבער פאַרט געבליבן נאָענט און גורלדיק געבונדן מיט דעם יידישן משיח-געדאנק און גאנג.

עס איז כדאי אָנצווייזן אויף א צווייטן שטריך. ווי ווייט א טייל יידישע פּאָעטן אין אמעריקע זאָל נישט האָבן געווען פון דער לומדישער וועלט, האָבן זיי דאָך געוואָרצלט אינעם ספר דורך דעם יוגנט-פּאָדעם וואָס האָט זיי געבונדן צו דער פֿאָלקס-מסורה — דער חדר. עס איז נאָך ביי אונדז ווייט נישט אויסגעפירלעך באהאנדלט געוואָרן דער מאָמענט פון אלט-יידישער דערציאונג, אין וועלכער דער יידישער מלמד האָט ביים געוויינטלעכן פסוק חומש אריינגעלייגט אין די קינדערשע מוחות תלמודישע אגדות, וואָס די קינדער האָבן שפּעטער — צוליב אלערליי סיבות — נישט געקענט דעריאָגן.

האָט טאַקע נישט איינער גאַנץ אָפּט אַליין נישט געוווּסט וועלכער באַגאַזש פון יידישן אוצר עס באַגלייט אים אין ווייטן וועג און טונקט אין אים אויף בעת זיין וויזיאָנעריש יצירה-פּראָצעס.

משיח איז איינער פון די צענטראַלסטע געדאַנקען וואָס האָבן יידן דערהאַלטן ווי אַ פאָלק. דערפאַר איז אַ גרויס וואונדער, וואָס ביז איצט זענען נאָך נישט געמאַכט געוואָרן קיין אויספירלעכע אַרבעטן וואָס זאָלן קלאָר מאַכן ווי ווייט דער משיח-מאָטיוו האָט דאָמינירט אין אַזאַ חשובן געביט ווי יידישע פּאָעזיע בכלל און אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע בפרט. דאָס איז געשען הגם די יידישע פּאָעזיע האָט גאָר אָפּט געזוכט אַ צענטראַלע אידעע און האָט נישט געקענט אַריבערשפּרייזן איבער אַזאַ מיילן-שטיין ווי דעם משיח-גלויבן און האָט זיך אין אים געקלאַמערט אפילו אין יענע צייטן ווען זי האָט אים געפּרוּווט פאַרלייקענען. בכל אופן האָט זי זיך מיט אים אַלע מאָל געראַנגלט: סיי ווען זי האָט אים סובלימירט אין דער מיסטישער געשטאַלט פון אַ באַפרייער און סיי אפילו ווען זי האָט געפּרוּווט צאַלן איר צינז דער יעזוס-ראָמאַנטיק. שוין אָפּגערעדט פון יענער עפּאָכע ווען די יידישע פּאָעזיע האָט זיך גענומען אומקערן אינעם שויס פון דער פאַרלאָזטער, נאַציאָנאַלער נעסט.

אין די ראַמען פון אונדזער אַרבעט גייט נישט אַריין דאָס אָפּשאַצן די ליטעראַריש-פּאָעטישע קוואַליפיקאַציעס פון יעדן ציטירטן אַמעריקאַנער-יידישן מחבר. דאָ גייט אונדז בלויז אין אויסגעפינען ווי ווייט די יידישע פּאָעזיע — פון גרויסע אָדער קלענערע קינסטלער — אין אַמעריקע האָט צוגעטראָגן אייגנאַרטיקייט צום קינסטלעריש-אויסגעקאָוועטן בנין פון גאולה-טרוים און אויף וויפל זי איז באַווירקט געוואָרן פונעם אָריגינעלן משיח-אידעאַל און דער משיחישער פּערזענלעכקייט.

דאָס ליד „די סדרה לך לך" פון אברהם ליעסין, איינער פון די אינ-טעלעקטועלסטע פּאָעטן, וועלכער האָט שטאַרק געוואָרצלט אין יידישן מחשבה-אוצר, האָבן מיר בכיוון אויסגעוויילט ווי אַ מאָטאָ צו אונדזער אַרבעט. עס באַווייזט גאָר בולט, ווי אַזוי אויך ביי אַ יידיש-סאָציאַליסטישן פּאָעט אין אַמעריקע, האָט דאָס יידישע ספר באַגלייט זיין ליד אויפן וועג פון דערוואַרטן און געפינען קינסטלעריש משיחן.

## קאפיטל צוויי

# דער דרך המשיח ביי די ערשטע אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן

די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע — סיי די לומדיש-אינטעלעקטועלע און סיי די קינסטלעריש-אינטואיטיווע — האָט זיך אלע מאָל געצויגן צו דעם משיח פון אייביקייט און צו דער גרונטיק-קאָסמאָסדיקער דערלייזונג. דערפאַר וועט מען אין איר נישט אָנטרעפן קיין משיח-בילד לויטן רמבמ׳ס רעאליסטישער און כמעט וועלטלעכער פאַרשטעלונג, וואָס דערגרייכט אפילו נישט צו דער רעוואָלוציאָנער-טרוימערישער פּאָעזיע פון דעם אמעריקאנער-יידישן אָנהויב [1].

„...אָבער משיח׳ס טעג איז א צייט ווען דאָס מלכות וועט זיך אומקערן צו ישראל און זיי וועלן זיך אומקערן קיין ארץ ישראל און ער וועט זיין א גאָר גרויסער מלך און דאָס הויז פון זיין קיניגרייך וועט זיין אין ציון. זיין נאָמען וועט גרויס זיין און זיין זכר וועט טון זיין ביי די פעלקער נאָך מער ווי דער קעניג שלמה. און עס וועלן מיט אים שלום מאכן אלע נאציעס און עס וועלן אים דינען אלע לענדער צוליב דער גרויסער גערעכטיקייט זיינער און צוליב די ווונדער וואָס וועלן דורך אים זיין. און ווער עס וועט אויף אים אויפשטיין וועט אים גאָט פארלירן און אים איבערגעבן אין זיין האנט... און אין דער ווירקלעכקייט וועט זיך גאָרנישט ענדערן פון דאָס וואָס עס איז איצטער, נאָר וואָס דאָס מלכות וועט זיך אומקערן קיין ישראל... און עס וועלן זיין

---

1) ווי מיר וועלן זען ווייטער, איז אויך די אנארכיסטיש-יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע פול געווען מיט אייביקייטס-שטימונגען פון אומשטערבלעכקייט, וואָס דער באפרייער פון דער מענטשהייט וועט באזיצן. זען די ווייטערדיקע קאפיטלען ביי עדעלשטאט, באָוושאָווערן און ווינטשעווסקין.

אין זיינע צייטן רייכע און אָרעמע, שטאַרקע און שוואַכע... אָבער אין יענע טעג וועט זייער לייכט זיין פאַר מענטשן צו געפי־נען זייער מחיה, ביז מיט ווייניק מי וואָס דער מענטש וועט מיען וועט ער דערגרייכן א גרויס תועלת... און די גרויסע נוצלעכקייט פון יענע טעג וועט זיין וואָס מיר וועלן זיך אויסרוען פון מלכיות אונטערדריקונג וואָס דערלאָזט אונדז נישט טון אלע מצוות און די חכמה וועט זיך מערן... און דער משיח וועט שטאַרבן און זיין זון וועט קיניגן אויף זיין אָרט און אזוי זיין אייניקל... און זיין מלכות וועט דויערן ביז גאָר לאנגע צייטן און מענטשן וועלן לעבן לענגער ווייל די זאָרגן און טרויערן וועלן אוועקגענומען ווערן. דאַרף מען זיך נישט וואונדערן וואָס זיין מלכות וועט אָנהאלטן טויזנטער יאָרן... און מיר גלוסטן נישט אָדער האָפן צו די טעג פון משיח צוליב דער פיל תבואה אָדער רייכקייט און נישט בכדי מיר זאָלן רייטן אויף פערד און נישט צום טרינקען וויין מיט מיניס געזאנג אזוי ווי עס טראַכטן די געדאנק־צעטומלטע...״ [2].

דער יידישער פּאָעט, ווי אפשר א פּאָעט בכלל, האָט נישט געקענט אויפנעמען אין זיך דעם מענטש־לעבן משיח וואָס קיניגט און שטאַרבט, לאָזט ווערן זיין זון אלס מלך אויף זיין אָרט — און אזוי טויזנטער יאָרן. ער קען זיך אויך נישט פאָרשטעלן קיין משיח־וועלט, וואו עס הערשט ווייטער רייכקייט און אָרעמקייט, געזונטע און קראַנקע, און אז דער משיח וועט נאָך אלץ האָבן שונאים מיט וועלכע ער וועט דאַרפן קעמפן, ביז ער וועט זיי אונטערטעניק מאַכן און זיי וועלן „אים דינען״. דאָס האָט זיך נישט געפּאַרט מיט זיין בילד פון אן אויסגעגלייכטער וועלט פון אייביקייט. גיכער וויל ער שוין זיין דאָס תמימותדיקע קינד — דורך וועלכן דער רמב״ם

2) זען דאָס גאנצע קאַפּיטל אין: פּירוש המשניות להרמב״ם, מסכת סנהדרין, פרק עשירי. אויך פאַראַן אין אנדערע שטעלן פון רמב״ם.

סימבאָליזירט די משיח- פאַנטאַזיאָרן 3) — וואָס זענען פאַרגלויבט און פאַרליבט אין די וואונדער-מעשה׳לעך וואָס דער מלמד דערציילט אים. אויב דאָס קינדישע מיינט צו קלאַמערן זיך אין איראַציאָנעלע לעגענדעס — איז די אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע זיכער געבליבן דאָס אייביקע קינד. זי האָט אויך נישט קיין שייכות צו יענע תּלמודישע מאמרים, וואָס קוקן אויף דער משיח-דערשיינונג ווי אויף עפּעס אַ באַגרענעצטע אייביקייט און לאָזט זיך אַמאָל אויסשעפּן. מיט דער גאַנצער נאָענטקייט צו דער דירעקטער אָדער אומדירעקטער מסורה האָט די אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע בכיוון פאַרזען אַזעלכע מאמרים ווי: „... אין קעגנזאַץ צו רבי הלל, וואָס האָט געזאָגט: נישט קיין משיח פאַר ישׂראל, ווייל מען האָט אים שוין לאַנג אויפגעגעסן אין חזקיהס צייטן ...״ [4]) דערביי אָבער היט זי אויך אין זיך די מאמרים וואָס זאָגן אַז „די וועלט איז נישט כאַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב דודן ... און ר׳ יוחנן זאָגט: צוליב משיח׳ן״ [5]) און עס נעמט איר געמיט די שילדערונג פון זיין נאָמען ווי אַ מצורע [6]), ווייל ער דאַרף „טראָגן אונדזערע קרענק און ליידן אונדזערע ווייטיקן ...״ [7]).

דאָס אַמעריקאַנער-יידיש ליד האָט אַריבערגעהיפּערט רבי הללס רעאַלע חשבונות און בעסער זיך באַהעפט מיט זכריה הנביאס נביאות [8]) וועגן

3) דער רמב״ם דאָרט זאָגט טעקסטועל: „שטעל זיך פאָר אין געדאַנק אַ קליין יינגל, וואָס מען האָט אים געבראַנגט צום מלמד לערנען תּורה ... נאָר צוליב זיינע ווייניקע יאָרן און שוואַכן שכל פאַרשטייט ער נישט די מעלה פון דעם גוטס. מוז דער מלמד, וואָס איז קליגער פון אים, מזרז זיין אים צום לערנען מיט זאַכן וואָס זענען ביי אים באַליבט צוליב זיינע ווייניקע יאָרן און ער זאָגט אים: לערן, וועל איך דיר געבן ניס און פייגן און איך וועל דיר געבן עטוואָס האָניק — — —״.
4) זע סנהדרין צט. ווערט אויך איבערגעחזרט אין אַנדערע תּלמוד-ערטער.
5) דאָרט. אויך אין אַנדערע ערטער.
6) אַלע דאָרט און ווייטערדיקע דפים, וואו די אגדה שילדערט משיח׳ן לויט אַלערליי מיינונגען פון תּנאים און אמוראים.
7) ישעיה, נג, ד.
8) זכריה ט: „נון. דיין קעניג וועט צו דיר קומען ... אָרעם און אַ רייטער אויף אַן אייזל ...״ אגב, דער מקור פאַר אַ סך לידער אין דער אַמער. יידישער פּאָעזיע, וואָס מיר באַהאַנדלען, און אַלע זינגען וועגן משיח׳ן ווי וועגן דעם „ווייטן רייטער״; דעם רייטער אויפן אייזל״ א.א.וו. זען אין די באַטרעפנדיקע קאַפּיטלען.

קעניג וואָס איז „אַרעם און רייט אויף אַן אייזל״ אין וועלכן ר׳ יוסף זעט משיח׳ן [9]). זייער פּאָעטישער געהער קלאַמערט זיך אין ר׳ חיים בר אבא׳ס זאָג אַז „אַלע נביאים האָבן נישט נביאות געזאָגט נאָר וועגן משיח׳ס צייטן״ [10]) איידער אין דער מיינונג פון שמואל׳ן, דעם פילאָזאָף און וויסנ־שאפטלער פון די תלמודישע צייטן אַז „צווישן עולם הזה און די טעג פון משיח׳ן איז / נישטאָ קיין אונטערשייד / נאָר שעבוד מלכיות אליין״ [11]). זי, די אמעריקאַנער־יידישע פּאָעזיע, האָט אין יעדן פּעריאָד אירן — סיי בעת דער רעוואָלוציאָנערער פיבערהאפטיקייט און סיי בעתן נויגן צו דער קריסטוס־מיטאָלאָגיע זיך געשראָקן פאַרן וויסנשאפטלעך־ראַציאָנעלן און קרוב אל השכלדיקן משיח אין וועלכן דאָס געזאנג פון לעגענדע און נשמה־בענקשאפטן קענען זיך נישט עקזאלטירן.

לכן, האָט די אמעריקאַנער־יידישע פּאָעזיע בלויז געמאכט א געוויסן אָפּקלייב פון דער מסורה־קערנדלעך און איז בלויז מיטגעריסן געוואָרן מיט איין באַשטימטן טייל פון דער טראַדיציע. דעם סקעפּטיש־ניכטערן טייל האָט זי בכיוון אויסגעמיטן, ווי א שטערונג פאַר דער מוזע׳ס צעפליגלטקייט — און אפשר קען מען עס גאָר פון איר נישט פאַרלאנגען אנדערש. דאָס פאָלק האָט געמוזט אָפּלייגן אלע עוולות פון לעבן אויף יענער חייליק־בעסערער צייט פונקט ווי דער תלמוד האָט עס געמוזט טון מיט אומקלאָרע הלכה־פּראָבלעמען [12]) סיי די אומגלייכקייט אין פיזישן זין און סיי די הינטערשטעליקייט אין גייסטיקן זין האָט דאָס פאָלק בלויז באַטראַכט ווי א צייטווייליקע צופעליקייט וואָס מוז אויפגעלייזט ווערן „אין משיח׳ס צייטן״ וואו גרויס און קליין, שוואַכער און גיבור, חכם און נאַר וועלן אויסגעלייזט און אויסגעגלייכט ווערן.

די אמעריקאַנער־יידישע פּאָעזיע, וואָס איז אפילו אין איר ראַפּי־

---

9) סנהדרין צט, א. אויך סנהדרין צח, א — ווי די מיינונג פון ר׳ יהושע בן לוי, וואָס האָט לויט דער אגדה אליין געשמועסט מיט משיח׳ן.

10) זען דאָרט.

11) אין מסכת ברכות דף לד.

12) אין אומצייליקע ערטער אין תלמוד ביי אומאויפגעקלערטע הלכות: תיקו תשבי יתרון קשיות ואיבעיות — אַז אליהו, הייסט עס, וועט ביי משיח׳ס צייטן אויפקלערן אלע פראַגן און שווערע פּראָבלעמען.

נירטסטער פאָרם נאָר געווען דער שופר פון פאָלקסטימלעך-יידישער תשוקה האָט געמוזט מיטמאכן דעם מעטאפיזיש-אויבערשטן גאנג פון משיח-טרוים.

פון דעם אויבן געזאָגטן דארף זיך אָבער נישט שאפן דער איינדרוק, אז אָט די משיח-פּאָעזיע / אפילו אין ברייטסטן זין / האָט געהאט פאר זיך א קלאָרן ציל און א באַשטימטע סעלעקציע-סיסטעם, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דער מוזע. פונקט ווי דער משיח-געדאנק גופא האָט אדורכ-געוואנדערט אלערליי דורות און אלע מאָל צוגעקראָגן נייע וויזיע-דערפארונגען ביז ער איז געבליבן טראדיציאָנעל-קרישטאליזירט — אזוי איז עס אויך צוגעגאנגען אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע. זי האָט אָנגעהויבן מיט א מין אור-פאָרם און, אויפן רעלאטיוו-קורצן וועג פון איר אנטוויקלונג אלץ מער און מער אויסגעפורעמט די גואל-וויזיע ביז צו א מדרגה פון אן אייגנארטיק-יידישן יש פון משיחישער פּאָעזיע. דער פּראָצעס פון עטלעכע טויזנט יאָר יידישער געדאנק-געשיכטע האָט זיך דאָ נאָכאמאָל איבערגעחזרט און מיטגעמאכט זיין אנטוויקלונגס-רעפעטיציע אויפן שטח פון א קארגן יאָרהונדערט אינעם אמעריקאנער יידישן ליד. אפשר מעג מען זאָגן, אז אין געוויסע שטריכן זעען מיר דאָ די איבערחזרונג פון דער לאנגער משיח-טראדיציע אין א געשיכטלעכער מיניאטור.

למען האמת דארף געזאָגט ווערן, אז לכתחילה, אין די ערשטע פאזן פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע איז משיח נישט געווען קיין ריין יידישער באגריף. דאָ זענען זיינע ערשטע סטאדיעס געווען באווירקט פון אויסערלעך-אינטערנאציאָנאלע און אלמענטשלעכע אידעאלן. צווישן זיי דארף מען אויך אויסטיילן איין פאזע, וואָס האָט געזוכט דערנעענטערונג צום יידישן פונקט, אָבער דורך קריסטלעכע אָנרעגונגען — ווי חלומות פון גרעסערע קרייזן אין דער מענטשהייט. דער פּאָעטישער משיח האָט טיילמאָל געדארפט אויפרייסן די געטאָ-מויערן און דערפאר האָט ער נישט געטאָרט טראָגן קיין געטאָ-מלבושים...

דער ערשטער אָנהויב פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע אין אמעריקע איז זיך צונויפגעפאלן מיט דער טרוים-עפּאָכע פון אייראָפּע און במילא פון דער גאנצער קולטור-וועלט, וואו די אייראָפּעאישע קולטור

איז געוועזן די טאָן-געבערין. אין גייסט פון יענער צייט איז איבעריק צוצוגעבן, אז די ערשטע אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן זענען געווען וואָר-צלדיק און אידעאיש פארכאפּט סיי פון „אייראָפּע״ און סיי פון איר אידעאליזם. דער יידישער פּאָעט פון יענער תקופה אין אמעריקע האָט געהערט צו „דער וועלט״, צו דער מחנה פרייהייטס-טרוימער, וועלט-שמערצלער און וועלט-אויסלייזער. זיין יידיש קול האָט דערפאר געמוזט זינגען אויף דעם אינטערנאציאָנאלן לשון און מיטן גאנצן הארצן האָט ער געוואָלט צושטייער געבן „דער וועלט״ אלץ וואָס יידן פארמאָגן — און יידן האָבן געהאט א גואל-געשטאלט, א צדק-געפּיל, א נביאים-וואָרט וואָס האָט זיך געקענט צונויפגיסן פּאָעטיש סיי מיט דער קריסטלעכער „מארטירערשאפט״ און סיי מיט די ליידן פון די „דערנידעריקטע און פארשקלאפטע״. איז נאטירלעך געווען, אז ער זאָל דאָס אלץ ארייננגעבן אינעם נדן פארן פרייז פון ווערן א שותף מיטן באפרייאונגס-קאָמפּלעקס פון דער וועלט. איז אויך קיין וואונדער נישט, וואָס די ערשטע אמעריקאנער-יידישע דיכטער האָבן איינגעהאלטן זייער הינטערבאוווסטזיניקן משיח-דראנג, אז ער זאָל נישט ארויס מיטן אייגן-יידישן לשון און נישט פארגעסן, אז אויף אים ווארטן אלע מענטשן.

זיי האָבן אָבער אים קיינמאָל נישט געקענט אויסבאהאלטן אין גאנצן הגם זיי האָבן אים אומאויפהערלעך געפּרוווט געבן די פארשיידנסטע פּסעוודאָנימען פון אלוועלטלעכקייט אָדער רעוואָלוציאָנערישער טערמינאָ-לאָגיע. דאָס באווייזן אם בעסטן די טענער פון די קלאסיקער.

---

קאפיטל דריי

## יוסף באָוושאָווער און מאָריס ווינטשעווסקי

אין דער ארבעט ווייטער וועט אונדז נאָך אויסקומען זיך באנוצן מיט מערערע אלט-יידישע מקורות. איצט מוזן מיר אויסשטיילן די אמע-ריקאנער-יידישע פּאָעזיע פון 19-טן י.ה., ביי וועלכער מיר וועלן זיך באגרענעצן בלויז מיט די אָנערקענטע קלאסיקער.

דער אנארכיסט יוסף באָוושאָווער[13]) אימיטירט די נביאישע וויזיע וועגן גאולה און די משיח-טראדיציע בכדי ארויסצוברענגען זיין וועלטלעכן משיח. ביי אים איז ער על פּי רוב דער פּארנעפּלטער „געניוס פון דער מענטשהייט", וועלכן ער באגלייט מיט עכט-יידישע אטריבוטן. לאָמיר ציטירן פון זיין ליד „דער געניוס פון דער מענטשהייט":

"אין דעם דונקל בלויען הימל,
גליט א שטערנדל א בלאסער,
און דער האלב־מאָנד שווימט פּאמעלעך
ווי א שיף אין שטילע וואסער.

פלוצלונג — זעט! אָ וווּנדער, וווּנדער
אין דער לופטן בליצן שטראלן,
זילבער שטראלן צויבער־ליכטער
און דער דונקל ווערט פארפאלן.

...אָט עס שטייגט, עס שטייגט ארונטער!
וועלכע וואָלקן! וועלכע דינקייט!
סאיז א טראָן ארומגערינגלט
מיט א גאָלדנע וווּנדער־גרינקייט.

---

13) יוסף באָוושאָווער — געבוירן אין ליבאוויטש, מאָהליעווער גובערניע, ווייס-רוסלאנד, אין 1872. געקומען קיין אמעריקע אין 1890. אָנגעהויבן שרייבן לידער אין זעלבן יאָר. געשטאָרבן אין 1915.

אין דער לופט, אין מיטן גאָרטן
זעט מען אים יעצט נידערשטייגן,
אויבן א ברילאנטן־דעקע
אויסגעקניפּט אויף פּאלמע־צווייג

אויף דעם וואָלקן־טראָן א קראָנע
ענגט פון מירטן טונקל־גרינע
דורכגעוועבט מיט זאָנענשטראלן
ווי מיט גאָלדנע פעדים דינע.

אין א ברייטן, שווארצן מאנטל
איינגעהילט — דאָרט זעט מען זיצן
אויף דעם טראָן אן אומבאקאנטן —
איבער אים די ליכטער בליצן.

זעט די מינען, מילדע שטרענגקייט !
זעט דעם פּנים, איידל־בלייכן,
און די טיפע שווארצע אויגן
אין דעם שטערן, אין דעם הויכן.

שווארצע, זיידן־ווייכע לאָקן
צירן שיין, דעם קאָפּ דעם שיינעם,
צוגעדעקט — ווי מאיעסטעטיש —
מיט א לאָרבער־קראנץ א קליינעם...״

(יוסף באָוושאָווער, לידער און געדיכטע, ארויסגעגעבן
פון ל. פרידמאן, לאָנדאָן, 1907, ז״ז 43, 44).

אויב דער רעוואָלוציאָנער-בלייכער משיח נידערט אראָפּ ביי אים אויף א בולט-אימיטירטן תנ״ך-טראָן[14]) איז אָבער זיין בשורה פון א פאָרמאט ארויס נאָך מער יידיש אימאזשינירט. די פּראָקלאמאציע פון דעם

14) פארגלייך למשל באָוושאָווערס וויזיע מיטן קאפּיטל ו׳ פון ישעיה ; קאפּיטל פון „צווייטן״ ישעיה. זען אויך דאָס ערשטע קאפּיטל פון יחזקאל. די שטעלן ווערן אין א סך ערטער אימיטירט פון דעם אמעריקאנער-יידישן ליד ביים אָנגעבן דאָס געשטאלט פון אלמעכטיקן באפרייער א.א.וו.

אויסלייזער פון דער מענטשהייט קען דאָ גאָרנישט אויסבאהאלטן און באווייזט דעם גלגול פון דעם פּאָעטס מאָדערנער אימפּראָוויזאציע:

„טעמפּל בויט איר מיך צו ערן
ווייט און ברייט אין אלע לענדער
איר, די פיינט פון ליכט און וויסן
איר, די פרעכע קונסט־באשענדער! —

... הערט מיין שטימע, שטאָלצע הערשער,
וועלטן־רויבער, ליגן־שמירער
און פארציטערט זאָלן ווערן
אייערע שמאלץ־באדעקטע גלידער

אין די גרויסע, רייכע צימער
אויף די ווייכע, זיידענע קישנס
וו איר ליגט יעצט וויין־באטרונקען
און געניסט דעם שלאָף דעם זיסן

זאָל מיין בראנד־וואָרט אייך ערשרעקן
אייך מאמאָנס געקויפטע גייסטער
און אין שטויב זאָלט איר באלד ליגן
פאר דער מענטשהייט וואהרן מייסטער

... זעט איר אין מיין חופּה בליאסקען
מאסן שטערן און בריליאנטן!
ווייסט: דאָס זענען די טויטע
און די לעבעדיקע טאלאנטן.

אָבער פיל מיליאָנען ליכטער
הויכע געניעס, טיפע דענקער
האָבן נישט געקענט דערשיינען
איבער אייך, איר ווילדע הענקער

... איך פארלאנג פון אייך קיין קרבן
מיט א פינסטערן געדאנקען

אייערע זיסע אָפּפער־ריחות [15]
עקלען מיך ווי מאָרד־געשטאנקען...״
(זען פריער „לידער און געדיכטע״, ארויסגעגעבן אין לאָנדאָן, 1907, ז״ז 45—57).

דאָ האָבן מיר דעם סאָציאַליסטישן פּרימיטיוו און דעם גאָטלאָזן גלויבן אין „קונסט און וויסן״ — אָבער באוואָפנט מיט אלע משיחיש-נביאישע רעקוויזיטן: הימל, פּאַרמעט, בשורה, טראָן און אומענדלעכע מיסטיק. די זעלבע וואַריאַציע טויכט אויף אויך אין אַנדערע מאָטיוון זיינע, ווו ער זוכט דאָס איבערמענטשלעכע אין דעם ערדישן באפרייער, ווייל די פריהייט בעט אמאָרן, אז אפילו זיינע ליבע-פיילן זאָל ער נישט אריינשיסן אין אירע קעמפער און דער גוטער אמאָר זאָגט עס טאַקע צו.
(געזאמלטע שריפטן, ניו-יאָרק 1911, ז״ז 37—42...)
אָדער:

...ער מעג אליין אין שטורעם שטיין
זיין טעטיקייט וועט בלייבן;
אים קען די נויט און אויך דער טויט
פון ווירקן נישט פארטרייבן

אים יאָגט דער גייסט, וואָס ברעכט און רייסט
דאָס פוילנדע אין שטיקער,
וואָס שטעכט און בייסט, שטראָפט און שמייסט
דעם ווילדן אונטערדריקער״.

(„די פרייהייטס קעמפער״ אין: געקליבענע לידער, מינסק 1931, ז״ז 132—133).

דער רעוואָלוציאָנער און סאָציאַליסטישער טרוימער לאכט אָפּ פון גאָט / „צום גלויביקן״, לאָנדאָן, 1903, ז״ז 45—47 / פונעם נביא / „דעם נביאס

15) א בולטע נאָכמאכונג פון ערשטן קאפיטל ישעיה. אויך עמוס און אנדערע. דערמיט האָבן מיר בלויז אָנגעוויזן די איינפלוס-מקורות ווי א ביישפּיל. ביי אנדערע אימיטאציעס וועלן מיר נישט אָנווייזן די מקורות, ווייל דאָס וואָלט געצוואונגען צו צאָלרייכע באמערקונגען און דער לייענער קען זיי בולט אויסגעפינען.

מפלה״, ניו-יאָרק, 1911 ז. 93). אָבער זיין פרייהייטס-אידעאַל, די גרויסע געליבטע זיינע, ווארט ער אָפּ „כאָטש זי זוימט זיך אזוי לאנג״. געגוי ווי דער פרומער ייד זיין משיחן [16]). די זעלבע נאָסטאלגיע, דער זעלבער עקסטאז, די זעלבע קבלה פרומקייט און שיר-השירימדיקע אלעגאָריע:

״איך האָב מיין ליבסטע ניט געזעהען
דאָך ווייס איך, אז זי איז זאָ שיין
ווי אלע שטערן פון דעם הימל
און שענער ווי די זון אליין

און ווען איך גיי אין גאס שפאצירן
(ווייל איך קען פון שמערץ אין שטוב נישט זיין)
דאן זאָגן מיר די שווארצע הייזער:
ניטאָ, ניטאָ די ליבסטע דיין...

ווען כ׳גיי אמאָל ביי די פאבריקן
און קוק זיך אין די פענסטער איין
דאן הער איך די מאשינען רוישן
ניטאָ, ניטאָ די ליבסטע דיין״

(געקליבענע לידער, מינסק 1931, ז׳ 75).

אזוי זאָגט אים אויך דער פּאָליציי-מאַן וואָס טרעפט אים אויפן וועג, די ארמיי מיט דער ביקס און שפּאָרן און אזוי טענה׳ט אויך דער קלויסטער „מיטן צלם אין דער אָוונט-שיין״ — ביז:

״און יאָרן קומען און פארגייען
די זענזוכט וואקסט, עס וואקסט די פּיין
דער ווינטער גייט, דער פרילינג קומט
דאָך זי קומט ניט, די ליבסטע מיין...״

(מינסקער אויסגאבע פון זיינע שריפטן, ז״ז 26—28).

נאָך דער רעוואָלוציאָנערער פאראפראזע פונעם „ואף על פי שיתמהמה״ צוזאמען מיט דער קבלה-ווארי‌אציע פונעם שיר-השירים-ליד „מצאוני

16) דער אָנוואונק אויף איינעם פון דעם רמב״מס דרייצן אָנגענומענע עקרים וועגן משיח׳ס קומען וואָס „כאָטש ער זוימט זיך, דאָך וועל איך אים דער-ווארטן יעדן טאָג, אז ער זאָל קומען.

השומרים הסובבים בעיר״ [17]) שלאָגן נישט אָפּ ביים פארליבטן אין דער פרייהייט דעם מוט צו וואַרטן. אויך ער בלייבט ביי זיין אחרית הימים, הגם זיין משיח האָט גאָר אן אנדער נאָמען: רעוואָלוציאָן...

״...איך קום ווי א שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון ווען עס הויבט אָן צו טאָגן
איך קום ווי א בייזער געוויטער פון בליץ און דונער געטראָגן
איך קום ווי א גלוטיקע לאַווע פון וואָלקן־באדעקטע ווולקאנען.
איך קום ווי דער שטורעם פון צפון, וואָס וועקט און שרעקט אָקעאנען״

(רעוואָלוציאָן, פּאָעטישע ווערקע, לאָנדאָן 1903, ז״ז 51—54).

און די לאנגע בשורה פון זיין קומען זשענירט זיך נישט צו נעמען דעם אָפּן-נביאישן פּאטאָס און מיט אים דעקלאמירן:

״און אייך, איר געהייליקטע געלט־זעק, געזאלבטע, געקרוינטע באנדיטן
איך וועל אייך פארניכטן מיט אייערע פאלשע געזעצן און זיטן
און אייערע הערצער וואָס שמאכטן נאָך מענטשן־בלוט וועל איך דערשטעכן
און אייערע קרוינען און סצעפּטער גאָלדענע וועל איך צעברעכן
פארניכטן וועל איך אייער שפּינוועב־מאָראל און די אוראלטע ליגן,
און אייערע פאַפּן די פינסטערע וועל איך דערשטיקן ווי פליגן
און אייערע הימלען און אייערע שדים און אייערע געטער
איך וועל זיי צעשטערן און ריין וועל איך מאכן די ערד און דעם עטער״

(רעוואָלוציאָן, פּאָעטישע ווערקע, לאָנדאָן 1903 ז״ז 51 — 54).

דאָס נאָכמאכן די נביאים [18]) און די פארגלויבטקייט אין דער אלמאכט פון זיין אויסלייזער איז דאָ נישט צום פארלייקענען, הגם עס פעלט דאָרט

17) שיר השירים ג׳ ג׳.
18) זען די באמערקונג 15.

די אײדעלקייט פון נביאישן צאָרן. עס בלייבט בלויז די ברוטאַליטעט פון פּאָזע און די אמונה פון דעם גאָט-לעסטערנדיקן רעוואָלטירער.

נישט אנדערש איז עס אויך מיטן צווייטן פּאָעט פון יענער עפּאָכע מאָריס ווינטשעווסקי [19]). אין זיין ליד איז אפילו נישטאָ דער אימיטירטער פּאטאָס פון באָוושאָווערן, נאָר די זאכלעכע ראָמאנטיק פון רעאַל-רע-וואָלוציאָנער. דאָך זעען מיר אויך ביי אים די משיח-סובלימאציע דורך גאָר אָפּענע שטריכן. טאקע ער, פונקט ווי אנדערע זינגער-חברים זיינע האָבן מער נישט געוואָלט זען קיין אבסטראקט באפרייער-געשטאלט, נאָר אים געבן א „רעאלן" נאָמען: זאָל עס זיין מארקס און זאָל עס זיין לאסאל...

"קינדער, מוט! די פרייהייט רעגט זיך
שאפט זיך קעמפער איבעראל
אכצן־הונדערט־צוויי־און־זעכציק
בליקט מיט אונדז מיט איר לאסאל, —
בליקט און פרייט זיך אונדז צו זעהען
לעבן ים סוף, נאָנט ביים שטראנד
ווי מיר קלייבן זיך און שטייען
איין שפרייז ווייט פון גלייכהייטס־לאנד

... קינדער, מוט! עס קומט די גאולה,
אלט אייראָפּע איז ערוואכט;
מארקס — ער האָט געטון א פעולה
מיט זיין לימוד אין דער נאכט,
אין די שווארצע נאכט פון גלות,
בעת ער האָט מיט אונדז געקנעלט
און זיין גייסט זעט די מפּלות
פון די קנעכט, פון בלוט און געלט.

קינדער, מוט! די פרייהייט רעגט זיך,
שאפט זיך קעמפער איבעראל

---

19) מאָריס ווינטשעווסקי (בנציון נאָוואכאָוויטש) — געבוירן אין יאנאָווע אין 1856 (אין קאָוונער ליטע). געקומען קיין אמעריקע אין 1894. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1884. געשטאָרבן אין 1930.

אכצן־הונדערט־צוויי — און זעכציק
בליקט אויף אונדז מיט איר לאסאל —
בליקט און פרייט זיך אונדז צו זעען
לעבן ים סוף, נאָענט ביים שטראנד,
ווי מיר קלייבן זיך און שטייען
איין שפרייז ווייט פון גלייכהייטס־לאנד״

(„לידער און געדיכטע״, פ״ג מייזעל עט קאָ., ניו-יאָרק, 1910, ז׳ 138).

וואָס שייך מארקס-משיח האָט ער אים נישט געקארגט אלע אטריבוטן פון נביאישן איינפלוס:

״א מענטשן־שפראך, א דענקער־לשון נאָר גערעדט,
דערמיט אָבער גאָט מאָמאָנס פעסטונג איינגענומען —
די תפיסה וואו דער מענטש דעם ברודער זיינעם טרעט,
וואו אין א גרוב פון גאָלד זיין גייסט איז אומגעקומען.
קיין איבערמענטש ; א מעכטיקער נאָר דורך זיין וויסנשאפט,
האָט ער, וואָס האָט אליהוס מאנטל נישט געטראָגן,
אָן משה׳ס שטעקן, אָן שמשונ׳ס גבורה אין דער שלאכט,
און אָן ארמייען, לייכט די שווארצע קראפט געשלאָגן,

צעטרייבענדיק די חושך־ברואים פון דער נאכט,
און מיט זיין העלן גייסט בעגינענדיק צו טאָגן.״

(„לידער און געדיכטע״ פ״ג מ. ב. מייזעל, ניו-יאָרק, 1910, ז׳ 276).

דער נביא פון פרייהייטס-גייסט איז אויך ביי אים מיסטיש אלמעכטיק און זיין אמאָל-פאָפולער ליד האָט, אימיטירנדיק פון משיחישע קוועלן ביי אים צוגענומען אלע צוימען :

״אין די גאסן — צו די מאסן
פון באדריקטע פעלקער־ראסן
רופט דער פרייהייטס־גייסט :
איך ברייננ וואפן —פאר דעם שלאפן,

איך באפריי די ארבעטס־שקלאפן
און איך מאך זיי דרייסט.

ליכט פארשפרייטן — רעכט פארברייטן,
קום איך און צעברעך די קייטן
פון דער טיראניי;
די נאציאָנען — פון קאנאָנען
פון ארמייען און פון שפיאָנען
קום איך מאכן פריי.

... איך קום מעלדן — יענע העלדן,
וועלכע שמאכן אין די קעלטן
פון סיביר אצ׳ינד,
אז צעטראָגן — וועט אָפּטראָגן
באלד מיין שטורעם — באלד וועט שלאָגן
די באפרייאונגס־שטונד.״

(„דער פרייהייטס-גייסט״ „לידער און געדיכטע״ פ״ג
נ. מ. מייזעל, נ״ק, 1910, ז״ז 102 — 103).

נישט אנדערש איז עס אויך — און נאָך בולטער — ביים דריטן פּאָעט
פון דער גרופּע, דוד עדעלשטאט.

## קאפיטל פיר.

# דוד עדעלשטאט

דוד עדעלשטאטן [20] קען מען בלי ספק אויך צורעכענען צו די רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן, וואָס האָבן טאקע מארקסן און לאסאלן פּראָקלאמירט פאר נביאים, אָבער זייער פּאָעטיש-משיחיסטישע אטאוויסטיק האָט זיך דערפון נישט געלאָזט דערשטיקן. זינגט ער:

„ווען איר לעזט מיין געדיכט קענט איר הערן,
ווען איר ווערט זיך נאָר איינהערן גוט,
ווי עס רוישט דאָרט א טייך פון מענטשלעכע טרערן,
צעמישט מיטן דיקטערס בלוט.
יעדע מענטשלעכע טרער איז דאָרט א שליח
פון א געפּייניקט הערץ,
וואָס פרעגט: ווען קומט שוין דער פרייהייטס־משיח,
די ענדע פון הונגער און שמערץ?"

(„צו מיינע לעזער", שריפטן, פארלאג „ארבעטער-פריינד", לאָנדאָן, 1909, ז"ז 1—2).

חוץ די זעלביקע משיח-מיסטיק אין איר רעוואָלוציאָנערער מאסקע, וואָס געפינט זיך ביי זיין חבר באָוושאָווער, באווירקט אויך עדעלשטאטן:

„ווו אויגן זענען אין טרערן פארשווומען,
און מיט בלוט איז באפלעקט די ערד;
אָט פון דאָרט ווערט די פרייהייטס־געטין קומען
מיט איר הייליקן, פלאמענדן שווערד
זי ווערט קומען אויף דעם געשריי פון יינגע קרבנות
פון דער בלוטיקער טיראניי!

20) דוד עדעלשטאט — געבוירן אין קאלוגע, גרויס-רוסלאנד אין 1866. געקומען אין אמעריקע אין 1882, אָנגעהויבן צו שרייבן לידער סוף 80-קער יאָרן. געשטאָרבן אין 1892.

זי וועט קומען באגלייט פון יונגע אלמנות [21]
און יתומים פון דער שקלאפעריי.

זי וועט קומען צו רעטן די עלנטע, שוואכע
פון דעם אויסבייטערס אייזערנעם רוט
זי וועט קומען נעמען גערעכטע ראכע
פאר יעדן טראָפּן ארבעטער־בלוט!

זי וועט פאראייניקן אלע נאציאָנען
מיט איר זיסן הייליקן קוש
אויף די צעשמעטערטע קייטן און טראָנען
וועט רוען איר אייזערנער פוס״

(„די פרייהייטס געטין״, שריפטן, פ״ג ארבעטער-פריינד, לאָנדאָן, 1909, ז״ז 71 — 73).

אויך ער, ווי באָוושאָווער, גייט אנטקעגן דער משיחישער סובלימאציע דורך פארלייקענען און פארשרייען:

״וואָס לארעמט איר, אָרטאָדאָקסן?
ווילט איר, אז דאָס יידנטום
זאָל באשטיין פון אָקסן,
ווי איר, אונוויסנד און דום?

... יעדע צייט האָט איר נייע תורה —
אונדזער תורה איז פרייהייט און רעכט:
ביי אונדז איז די גרעסטע עברה
צו זיין געהאָרכזאמער קנעכט.

... מיר האָבן אויך נייע פּראָפעטן
בערנע, לאסאל, קארל מארקס

---

21) „אלמנות און יתומים״ — דער סינאָנים פון בארויבטע און עלנטע אין פיל שטעלן פון נביאים און כתובים. א בולטע אילוסטראציע, ווי אזוי די „פאר-לייקענערישע״ פּאָעטן האָבן בלויז אָפּעריִרט מיט די תנ״ך-באגריפן וועגן גערעכטיקייט.

זיי וועלן אונדז פון גלות רעטן
ניט מיט פאסטן און הייליקן וואקס.
...גענוג זיך בוקן צו געטער,
צו פּאָפּן, געלטזעק און טראָן!
יידן דיין איינציקע רעטונג
איז די גרויסע רעוואָלוציאָן!״

(״פון פינסטערניש״, זען פריער, ז״ז 83 — 85).

דאָס אָנזאָגן דעם נייעם משיח און די נייע נביאים וואָס וועלן יידן אויסלייזן פון גלות, גייט ביים קלאסיקער פון דער פּראָלעטאריש-יידישער פּאָעזיע געפּאָרט מיט גראָבן נוקם זיין זיך אין די אלטע געטער. אין זיין ליד ״אנארכיע״ זעט ער די אויסגעלייזטקייט פון דער וועלט דורך דעם וואָס —

״..ווי קירכן און סינאגאָגן
וועט מען פארוואנדלען אין שטאלן פון פי״
ווייל ״פרייהייט און ליבע וועט אלץ דערלייזן״ און עס וועט דערנאָך זיין ״א וועלט פון וויסן, ניט פון גלויבן״. דאָך מוז ער אויסשרייען זיין משיחיש-עקזאלטירטן און מעטאפיזישן גלויבן ביי יעדן פערזן-שריט ארום זיין משיח — ״די רעוואָלוציאָן״:

״זי איז ניט טויט, איר קענט זי נישט דערשלאָגן
זי לאכט פון אייער צאָרן, אייער ברומען און ברילן,
איר מעגט זי הונדערט מאָל צום קבר טראָגן:
אומשטערבלעך לעבט די רעוואָלוציאָן!״
און וויפל ער האָט זיך נישט אָפּגעטריבן פון דער רעליגיעזער דערלייזעריש-קייט, האָט זי זיך צו אים אומגעקערט דורך אטעאיסטישע אומוועגן:
״פוסט און גאָטלאָז ברודער איז דער הימל,
יעדער דענקער ווייסט דערפון —
און מיר זאָגן: וואכט אויף פון אייער דרימל,
ערבליקט די ליכטיקע זונען!
פארהאסט ניט די ווארהייט, זי איז אייער רעטער
יאָרהונדערטער קעמפט זי פאר אייך:

זי וועט די מענטשן מאכן פאר וואהרע געטער,
און די ערד פאר א הימל־רייך."

(„די גאָטספּאַרכטיקע ברידער", שריפטן, לאָנדאָן 1909,
ז"ז 219 — 221).

דאָס פארלייקענען, אָדער גיכער פארטוישן דעס יידישן גאולה-גלויבן לטובת דער רעוואָלוציאָנער-משיחישער אמונה איז א לייט-מאָטיוו ביי עדעלשטאטן. זיינע אומבאהאָלפענע שורות זעגען עס נישט מסוגל אזוי אויסצובאהאלטן ווי א ראפינירטער מייסטער וואָלט דאָס געקענט טון. אפילו אין מאָמענטן פון ספקות האָט ער עס אויך נישט געקענט אנדערש מאכן:

"די ווארהייט ליגט עלנט אין קייטן געשלאָסן,
פארוואונדעט פון שרעקלעכע פיינט.
אָ ווארהייט! ווו זענען דיינע גענאָסן?
ווו זענען דיינע ערלעכע פריינט?

...איז דען די גייסטיקע מענטשהייט געשטאָרבן?
עס לעבן נאָר הענקער און קנעכט?
און אלעס וואָס העסלעך איז, שמוציק פארדאָרבן
נאָר דאָס האָט צו לעבן דאָס רעכט?"

(„צו די גענאָסן", „פרייהייט". העפט 2, ז"ז 48—49).

דער טאָן פון „למה עזבתני" טראָגט זיך אין א טענה „צו די גענאָסן" און ער זינגט ממש איבער פסוקים איוב און תהילים, אימיטירט די פאר-צווייפלונג פון משיח-פארגלויבטע, וואָס אויך דער יאוש איז א טריט צו א פריש-צעפלאמטער באגייסטערונג. די פרייהייט און די ווארהייט רייסן זיך ארויס און —

"עס ברעכן די קייטן, עס פאלן די טראָנען,
עס רעגירט נאָר דער פרייער פארשטאנד.
מען ברויך נישט קיין בלוט־הונט, מען דארף ניט קאנאָנען,
ליבע און ערע באוואכן דאָס לאנד."

(„צו די גענאָסן", „פרייהייט", צווייטער העפט, ז"ז
48 — 49).

די תקופה פון באָוושאָווער, ווינטשעווסקי, עדעלשטאַט אין דער אמערי-קאַנער-יידישער פּאָעזיע מעג, וואָס שייך דעם משיח-מאָטיוו, באַצייכנט ווערן ווי א משיח אין אן אינטערנאַציאָנאַל היטל.

---

## קאפיטל פינף.

# מאָריס ראָזענפעלד

## דער אָנזאָגער פון אומקער צו יידיש-נאציאנאלן פאטאָס

די צווייטע און בולטערע משיח-פאזע אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע דארף מען אוועקשטעלן אונטער די פליגל פון די צוויי דיכטער-פערזענלעכקייטן מאָריס ראָזענפעלד [22]) און אברהם ליעסין [23]). דער דאָזיקער פעריאָד טיילט זיך אויס דערמיט, וואָס אָט די צוויי פּאָעטן זענען געבענטשט געוואָרן מיט מער וויזיע און טאלאנט — במילא מיט מער געוואגטקייט צו עקספּערימענטירן מיט אייגענע כלים ווי די גרופּע פון די פריער דערמאָנטע דריי פּראָלעטאריישע פּאָעטן. דערפאר מסתמא האָבן זיי אויך נישט אָפּגעשראָקן זיך צו מישן דאָס סאָציאל געפיל מיט דער טיף-נאציאָנאלער משיחיסטיק.

אויך ביי מאָריס ראָזענפעלדן הערן מיר די אזוי גוט באקאנטע און שוין ציטירטע נאָטע :

"מיר קומען מיט פעסטע כלי־זיין פארזען
און רופן זיך מער ניט "די שוואכע"
פאָרויס גייט אונדז מארקס מיט זיין מעכטיקער פען
לאסאל מיט זיין געוואלטיקער שפראכע . . ."

(„מיר זיינען פרייהייטס-סאָלדאטן", אין: שריפטן,
2-טער באנד פּאָעזיע, נ"י 1908, ז"ז 151 — 152).

ער איז אָבער אין זיין רעוואָלוציע-חלום און אין זיין סארקאזם אויפן יידישן חשבון מער יידיש ווי זיינע אנארכיסטישע קלאסיקער-חברים אין

---

22) מאָריס (משה יעקב) ראָזענפעלד — געבוירן אין דאָרף באָקשא, סוואלקער קרייז אין 1861. געקומען קיין אמעריקע אין 1886. אנגעהויבן דרוקן לידער אין זעלביקן יאָר. געשטאָרבן אין 1923.

23) א. ליעסין (אברהם וואלט) געבוירן אין מינסק אין 1872. געקומען קיין אמעריקע אין 1897. אָנגעהויבן דרוקן לידער אין 1894. געשטאָרבן אין 1938.

דער פּאָעזיע. אויך זיין בייסיקער פּערז אויפן חשבון פון דער יידישער משיח-האָפענונג איז פול מיט נאַציאָנאַל-פּאַרזאָרגטע טענער:

״א יידישער צענטער, ווי קען עס געמאָלט זיין?
ווי קען דאָרט אן אָרדנונג, קען דאָרט א וועלט זיין?
הכשרים און פלאָמבעס און פעטע עליות,
רבנים וואָס טויגן זיך נאָר צו נקיות,
גבאים און פושקעס און פעטש פאר א מפטיר,
און ציצית וואָס מעסטן זיך אויפן קלאפטער,
מיט קללות און חרומות און ווילדע יסורים
און דעות פון סוחרים, ריקים און בורים —
איך בעט אייך, ווי קען אזא כתה לצנים
אונדז בויען א וועלט, וואָס זאָל האָבן א פּנים?

אונדז בויען א וועלט? אָ ניט זיי וועלן בויען!
זיי וועלן דעם הייליקן ציייט־גייסט ניט טרויען,
זיי וואַרטן משיח זאָל דורכרייטן זעזמער
און נעמען דאָס פאָלק מערידאַלנע מיט קלעזמער...
ניט זיי וועלן בויען, ניט זיי וועלן שמידן
וווּ זענען זיי מענטשן, וווּ זענען זיי יידן?
פאר זיי איז אן אָרט, אווו נאָר זיי קומען
אבי נאָר א מנין, אבי נאָר א מזומן,
אבי נאָר אנ־עירוב די דומהייט צו טראָגן,
אבי נאָר א שולכל אווו זיך צו שלאָגן.

אבי נאָר א שולכל — גיט זיי וועלן ציון
די ליבע, די אלטע ערוועקן צו בליען,
זיי דארפן ניט פריי זיין, געבאָרענע שקלאפן,
פאר זיי איז א שמוציקע געטאָ באשאפן...״

(„דער יודענשטאַט״, שריפטן, פּאָעזיע, 1-טער באַנד, ניו-יאָרק 1908, ז״ז 335 — 337.

אָבער ראָזענפעלד איז נישט שטיין געבליבן ביים שטראָפנדיקן סאַרקאַזם פאר די וואָס וואַרטן נאָר אז „משיח זאָל דורכרייטן זעזמער״, הגם ער האָט

זיך אויך נישט לגמרי אידענטיפיצירט מיט דער טיף-יידישער לעגענדאריש-קייט. אין כלל גענומען האָט די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע אדורכגעמאכט א פארקערטן פּראָצעס ווי דער אלגעמיין משיחישער אידעאל, וואָס האָט אָנגעהויבן ביי ריין-יידישער אויסלייזונג און אוועק צו דער אלמענטשלע-כער[24]). די פּאָעזיע האָט די אויסלייזונג צוערשט געזען ווי א וועלט-אידעאל און ערשט נאָך א סך מעטאמאָרפאָזן זי ארייננגעפירט צוריק אין ענג-יידישן תחום אריין... און ראָזענפעלד האָט דאָך געהערט צו דער ערשטער עפּאָכע אין דער אמעריקאנער-יידישער דיכטונג.

ער איז אָבער פאָרט געווען דער פּיאָנער ביים דערזען יידישע אידעאלן און אפילו אויך די ריין-פּאָעטישע אָביעקטן מיט יידישע אויגן. זיין בארימט ליד „דער יידישער מאי” איז דער קלאסישסטער עדות דערויף:

**ווידער איז דער מאי געקומען**
**מיט זיין צויבער, מיט זיין פראכט**
**אלע גראָזן, אלע בלומען**
**האָבן ווידער אויפגעוואכט.**

**ווידער בליט עס אויף די פעלדער**
**ווידער גרינט עס אין די וועלדער**
**ווידער גלאנצט עס איבעראל**
**ווידער זינגט דער נאכטיגאל — ”**

(„דער יידישער מאי” שריפטן, פּאָעזיע, 1-טער באנד נ״ק 1908, ז״ז 115 — 120).

אָבער אָט די נאטור-אידיליע קלעפּט זיך נישט צו איינעם פון די פּאר-בייגייער. אים לאָקן נישט די זיסע בלומען-פאנטאזיעס, ווייל ער טראָגט זיך מיט אלטע וואונדן, ווייל אפילו די בלומען מאכן פון אים ווילדן שפּאס:

---

24) ד״ר יוסף קלויזנער אין זיין בוך „הרעיון המשיחי בישראל, מראשיתו ועד חתימת המשנה”, (הוצאה שלישית, מסדה, תל אביב, תש״י) רעדט ארום די פראגע וועגן דעם וועלכע פסוקים זענען פריערדיקע — די אלגעמיין-אויסלייזערישע, אָדער די יידיש-משיחיסטישע.

"פרעמד די בלומען, פרעמד די בלעטער,
פרעמד די וועלט, א פרעמדער מאי,
פרעמדע פייגל, פרעמדע געטער,
פרעמדע מענטשן — אלס פארביי."

זיין טראגיש-נאציאָנאלער פאטאָס האָט שוין אין זיך די וויזיע פון אויסשיילן יידישע גאולה פון פרעמדער, און דעם אָנווייז פון יידישער אויסלייזונג, וואָס מוז זיך אדורכרייסן א וועג נישט נאָר בלויז צווישן פרעמדע דערנער, נאָר אויך צווישן פרעמדע פייגל און פרעמדע בלומען:

"לאכט נישט בלומען, נאָר נישט שפעטן!
איר זייט שיין — געוויס, געוויס!
דאָך, פיל שענערע צעטרעטן,
האָט דער ייד מיט זיינע פיס..."

(„דער יידישער מאי", 1-טער באנד, ז"ז 115 —120).

קיין נייע ניואנסן אין דער משיח-טעמאטיק האָט אפשר ראָזענפעלד נישט ארייגעברענגט. ער האָט אָבער דאָס אלטע גענומען ווידער ארום-פאנצערן מיט פיעטעט. ביי אים האָבן מארקס און לאסאל נישט פארשטויסן דאָס ראָמאנטישע:

"ווידער וועט דיין אתרוג שמעקן
גלאנצן וועט דיין אפעלסין,
ווידער וועט זיך גאָט ערוועקן,
און וועט ברענגען דיך אהין.

זינגען וועסטו הירטן־לידער,
פאשנדיק נאָר דיינע שאָף,
לעבן וועסטו, לעבן ווידער,
לעבן אייביק, אָן א סוף..."

(זען פריער).

די דאָזיקע שפורן פון גרויסן אומקער, וואָס ראָזענפעלד האָט אָנגעזאָגט, סיי דורך באוויינען דעם יידישן גלות און סיי דורכן ארויסציען די יידישע גאולה-האָפענונגען פונעם פרעמדן טרוים, האָט ער ארייגעפלאנצט אין גאָר א סך לידער זיינע — ווי א שטייגער:

"אָט האָט איר א לידל אין יידישע גראמען,
עס בינדט אונדז קיין זאך אלס אומה צוזאמען,
מיר האָבן קיין לאנד און מיר האָבן קיין לשון,
דער זיצט גאָר אין הודו און יענער אין בשן.
גיי דראָטע צונויף א צעבראָכענעם שארבן,
נאָר מילא, קיין יינגערע זאָלן נישט שטארבן
מיר האָבן דעם בורא געגנוג שוין דאָקוטשעט,
און כלומרש אלס אומה געגנוג זיך געמוטשעט.
מען זעט דאָך, אז אונדזער נאציאָן איז צעריבן,
דאָך זענען מיר וויניקסטנס מענטשן פארבליבן?

יאָ. מענטשן פארבליבן נאָך אלע רדיפות,
איז פּראָסטע סאָלדאטן, איז נישט מיט קיין שליפעס.
מיר זענען אוודאי אראָפּ פון דער גדולה,
נו — מילא — פארפאלן, איז נישט עם סגולה,
איז נישט קיין מלמדים אין וועלטס גרויסן חדר...
מען דארף אונדז ניט מער, געענדיקט א סדר!
מען קען שוין די תורה, מען ווייסט שוין די חריפות
וואָס טויג דאָ די גרויסקייט און נאָך פראווען תקיפות?
מיר זענען קיין פאָלק מער, עס מעג אונדז פארדריסן,
דאָך, זענען מיר מענטשן? אָט דאָס וויל איך וויסן!"

(„דער יודענשטאט", שריפטן פּאָעזיע, 1-טער באנד,
נ"י 1908, ז"ז 335 — 337).

און ווי אן אָפענע אלוזיע אויף ישעיה הנביאס רוף צו ציון „עזבני השם ואדני שכחני"[25]) נעמט איבער ראָזענפעלד ציונס טענות און זעצט פאָר דעם נביאישן מאָנאָלאָג פון בקשה און פאָרוואורף:

"רבונו של עולם, שוין הונדערטער יאָר,
ווי איך זיץ און איך ווארט אויף דיין גאולה,
עס ווערן שוין ביסלעכווייז גרוי מיינע האָר,

---

25) ישעיה מט. יד.

און זאָל עס חלילה נאָך נעמען א דור
דאן בין איך, פארגעס נישט, קיין בתולה.
דו האָסט מיך פארפירט און פארלאָזן אליין,
און לעבסט זיך אין הימל א פרייער,
אָ, רעד וואָס דו ווילסט, עס איז זייער נישט שיין,
אָ, זייער נישט שיין, מיין געטרייער!״

(„גאָט און כנסת ישראל״, שריפטן, פּאָעזיע, 1-טער באנד, נ״י 1908, ז״ז 137 — 140).

אין דעם פאָלקסטימלעך-נביאישן טאָן פון כנסת-ישראלדיקער פּרוי-לעכקייט, אין וועלכן עס מישט זיך אריין די חסידיש-דרייסטע אויסטע-נה׳רישקייט פון א ר׳ לוי בערדיטשעווער [26]; דער נביאישער לעכץ פון פאָלק ישראל „באמאנט צו ווערן״ פון גאָט [27]) איז ראזענפעלד גלויביק און סאטיריש:

״דו האָסט מיך געבראכט אזש פון עבר הנהר,
און טריי ביי די הימלען געשווירען:
געליבטע, מיר זענען אייביק א פּאָר!
נו, זע איך ווי ווייט דיינע רייד זענען וואָר,
ביזט פלוצים גאָר נעלם געוואָרן.
און גלייך האָבן וועלטן געקלינגען מיט דיר:
דו האָסט זיך פארליבט אין א חצופה
דערהויבן צו אייביקער הייליקער איר,
איר זון צו א געטלעכער שטופע...״

(„גאָט און כנסת ישראל״, שריפטן, פּאָעזיע, 1-טער באנד, נ״י 1908, ז״ז 137 — 140).

דערמיט איז ראַזענפעלד פאַרויסגעלאָפן און אויסגעמיטן די יעזוס-ראָמאנטיק פון דער שפּעטערדיקער יידיש-פּאָעזיע און זי אָפּגעוואָרפן

---

26) א פּאָפּולער געשטאלט אין דער יידישער פּאָעזיע, וועלכער עס זענען גע-ווידמעט געוואָרן אומצייליקע לידער.

27) אין הושע, קאפיטלען א.ב.ג.; ישעיה נ, אויך ישעיה נד. פסוק ה. דאָרט מד. ירמיה ב.ג.טו. און א סך אנדערע, וואָס ווייזן אָן אויף דער עראָטיק פון ישראלס בענקשאפט.

צוזאמען מיטן אריינפלעכטן יידישע אויסלייזונג אין דער אלוועלטלעכער. דערפון נעמט זיך זיין פּיאָנערישער — וואָס שייך דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע — טאָן פון אייפערזוכט און ביטול צום געקרייציקטן. אין זיין דאָזיקן דועט צווישן דער בתולה ישראל און איר גאָט-געליבטן הערט ער אפילו גאָטס טענה:

„איך האָב דיך פארלאָזן א שטיקעלע צייט
און האָב דיך געזוכט צו פּראָבירן,
ווי דו וועסט אין נויט, פון דיין אייגן לאנד ווייט,
פערשמאכטענדיק צווישן פערדאָרבענע לייט,
אין שרעקליכן גלות זיך פירן.
איך האָב דיך אין יעדער אָרט עלנט געשמידט,
פון אומגליק צו אומגליק געטריבן:
און האָב פון די הימלען דיין פירונג געהיט,
דאָך דו בינסט מיר ערליך געבליבן.

„יעצט בריינגט דיך דיין מלך אהיים און באקראנצט
דיין קאָפּ מיט די בלומען פון שרון,
וואָס דו האָסט אין מאי פון דיין יוגנט געפלאנצט,
ווען דיר האָט די הצלחה פון זונען געגלאנצט
אין אלטע, אין גאָלדענע יאָרן.
כקום ווידער מיט כלה מתנות ניט קארג,
באגלייט פון א כאָר מיט לוויס,
און בוי אויף דיין שלאָס אויף דעם פּרעכטיקן בארג,
און וועק אויף די זיסע נביאים.

איך וועק דעם לבנון דיר אויף פונדאָסניי
און קרוין זיינע צעדרען און פאלמען:
די פייגעלעך דיינע, ווי ווערן זיי פריי,
ווי זינגען זיי פליענדיק דאָרט אין א מאי
צווישן אייביקע בלומען פון פסאלמען!
דער כרמל פערצירט זיך, דער חרמון לעבט אויף,
און איינער דעס צווייטן גיט שלום:

מוריה הויבט אויף זיין פערטרויערטן קאָפּ
און מיינט, אז ער זעט עס אין חלום.

איך צינד אָן א נייע, א הייליקע ליכט
אויף ציון, דיין טרייסט, דיין נחמה,
א יוגנט וועט פארבן איר בלייכעס געזיכט,
א געזונט אין איר קראנקער נשמה!
ניט הער וואָס עס ריידן די שונאים דיר איין.
דאָס זיינען פארלאָרענע רעדעס,
געוועזן בין איך דיינער, און בין און וועל זיין,
און הימל און ערד זיינען עדות״

(„גאָט און כנסת ישראל״)

אויך מיטן מארטירער-מיטאָס פון דער יעזוס-געשטאלט, וואָס האָט אזוי געפייניקט די וויטערדיקע יידיש-פּאָעזיע אין אמעריקע, האָט ראָזענפעלד זיך „לייכט״ אן עצה געגעבן. אין זיין ליד „דער ייד צו קריסטוסן״ זינגט ער:

״דו רופסט דורך טיפן יאָמער, פּיין און קוואלן:
״מיין גאָט, מיין גאָט, וואָס האסטו מיך פארלאָזן?״
דאָך דיין געבעט ווערט מיטן ווינט פארבלאָזן
און דיינע טראָפּנס צום באָדן פאלן.
צום קאלטן באָדן פון דיין גוף דעם ריינעם,
עס לאכן זיך די פייניקער און פרייען
מיט דיין איבערמענטשלעך־ביטערע ווייען,
און שפּאָט פארנעמסטו גאָר, קיין טרייסט פון קיינעם
כ׳קוק טרויעריק דיך אָן און קוק אויף זיך
מען זאָגט: דאָס ביזטו, דאָך בין איך...״

אפשר איז אויך דאָ ראָזענפעלד געוועזן דער ערשטער אינעם יידישן ליד פון אמעריקע, וואָס האָט דעם יעזוס-ציטער נישט געלאָזט אוועקרייסן דאָס ליד פון דעם יידישן משיח-שורש און זוכן צו האלטן די מארטירערשאפט זיינע ווי א צוגערויבטן שפּיגל פון דער יידישער פאָלקס-העראָאיק.

## קאפיטל זעקס.

# מאָריס ראָזענפעלד — דער אויסטרעטער פון יידישן דרך המשיח אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע

מאָריס ראָזענפעלד איז נאָך ווייט געווען פון א משיח-פּראָבלעמאַטיקער. ביי אים איז געגוג געווען די עצם-גאולה און ניט דאָס זוכן די דעטאַליזירטע סימנים, ווי אזוי זי וועט אויסזען. ער האָט בלויז דעם משיח-טרוים צוריק איינגעשלאָסן אין דער יידישער נעסט. אויב מיר האָבן אים אוועקגעשטעלט אין דער גלייכער ריי מיט ליעסינען, איז עס דערפאר, וואָס אויך ער האָט זיין פּאָעטיש-נאציאָנאלן משיח געזוכט אין די קאטאקאָמבן פון דער ספּעציפיש-יידישער געשיכטע, צום אונטערשיידן, למשל, פון די פריערדיקע דריי פּראָלעטארישע פּאָעטן, וואָס האָבן דעם גאולה-מאָמענט געזוכט נאָר אין די מארקס-לאסאל-פאלבן פון ארבעטער-באפרייאונג. ראָזענפעלדס אינערלעכע יידישקייט דרינגט ארויס אויך פון זיינע „אינטערנאציאָנאלע" שורות. ביי באָוושאָווער — ווינטשעווסקי — עדעלשטאט איז דאָס יידישע ארויסגעקומען כמעט הינטערבאוווסטזיניק, קעגן זייער ווילן און אפילו דורך פארלייקענונג; בעת ראָזענפעלד זינגט עס מיט דער גאנצער אחריות און אָפנקייט. אין זיין ליד „יידישער פנקס" דערהויבט ער יידישע גלות-טראגיק צו א נאציאָנאל-אייביקער מאניפעסטאציע:

„אָ, ווו איך זאָל קערן,
און ווו איך זאָל מישן די הייליקע בלעטער!
דאָס זענען קיין מענטשן ניט, דאָס זענען געטער,
וואָס האָבן געקענט אזוי ליידן און שטרייטן
און בלייבן אויף אייביק און אייביקע צייטן..."

(לעזענדיק די יידישע געשיכטע).

דאָס שעפן באגייסטערונג פון יידישער געשיכטע, צוזאמען מיט יידישן שטאָלץ און טרויער ווינקט צו אונדז פון זיין ליד „דער אייביקער פונק":

״טיף אין הארץ ביי מיר פארבאָרגן
גליט א פונק, איך פיל עס קוים.
שטענדיק גליט עס נאכט און מאָרגן,
ווען איך וואך און ווען איך טרויס . . .
. . . ער פארוואנדלט זיך אין פלאמען
און ער שרפט און ער ברענט,
און איך פיל ווי אלע ימים
וואָלטן לעשן נישט געקענט . . .״

(שריפטן, פּאָעזיע, 2-טער באנד, נ״י 1908, ז״ז 96 — 99).

די דאָזיקע ליבשאפט צו יידן, ווי א קלאָרער אָנהאלט אין שיר-השירים [29] אלעגאָריע, ציט זיך אין א גאנצע ריי לידער זיינע, וואָס מיר וועלן בלויז אָנווייזן ברמז. א שטייגער: „ראש השנה״, „א נייע איכה״ „אומשטערבלעכקייט״. אין זיינע בולטע משיח-רופן ווי זיין „פון נייעם גלות״ שיילט זיך שוין אפילו אויס דער יונגער ציוניזם וואָס רופט מיט א שטימע פון דורות:

״מיר מויערן פיתום־טורעמס אצינדער,
בערויבט און בעריסן פון רעכט און פון ערע,
פערקויפט צו רשעים פאר אלערליי פרייזן,
נאָר שטענדיק א האָפענונג פלעגט זיך באווייזן:
א ליכט, וועלכע פלעגט אונדז אין חושך בעגריסן,
און אונדזער פערביטערע ווייען פערזיסן,
. . . מיר מויערן פתום טורעמס אצינדער,
מיר מויערן איין דאָרט אונדזערע קינדער . . .
מיר קלייבן די מאָגערע שטרוי פאר א לעבן
און מוזן די צאָל פון די ציגל נאָך געבן . . .
מען שטייט איבער אונדז מיט פארבלוטיקטע בייטשן
אויף אונדזערע ביינער דעם הפקר צו טייטשן . . .
מיר זיינען א טייל פון די שטומע מאשינען

---

29) מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה . . . שיר השירים ח״ז.

בײ װעלכע מיר װעלקן, צו װעלכע מיר דינען,
פערשפּארט אין פארפעסטעטע טויטלעכע שאנצן,
א נאכט "כולו מרור" אין גאנצן."

("פון נייעם גלות")

און זיין נאציאָנאלע קינה פּאלט ממש אריין אין דעם אינהאלטלעכן נוסח און פּאטאָס פון א מחזור-פּיוט:

"ניטאָ מער קיין משה, ניטאָ מער קיין "שטעקן",
די גרויזאמע פּרעהס פון הײנט צו דערשרעקן:
די שווארצע חרטומים דעם כח צו שטערן
און שלאָגן דעם ים פון פערגאָסענע טרערן.

... געֶנוג אונדז דעם "מרור" אלס "זכר" צו קייען!
מיר קאָנען דעם גלות פון איצט ניט פארדייען".

("פון נייעם גלות", שריפטן, פּאָעזיע, נ"י 1910, ז"ז 45 — 47).

ס'איז בכן קיין װונדער נישט וואָס ראָזענפעלד איז אפשר געווען דער איינציקער פון די אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן, וואָס איז דאן מיטגעריסן געוואָרן מיט דער הערצל-געשטאלט און ביי הערצלס טויט כמעט אריינגעפאלן אין מרה-שחורה:

"אוועק דער טרוימער און זיין טרוים,
דער צויבער איז אין שוים צערינען,
דער קאמף וואָס האָט א פאָלק געוואונען —
א חלום וועלכער גלויבט זיך קוים!

דער העלד און דער שטרייט,
דאָס פעלד און די צייט,
דער מוט און דער צוועק,
אלסדינג איז אוועק!

דער גייסט, וואָס האָט צום ליכט געשטרעבט,
האָט אויסגעדומפּט, איז אויסגעוועפּט".

("הערצל", שריפטן, פּאָעזיע, 4-טער באנד, נ"י, 1910, ז' 90).

ראָזענפעלד האָט נישט אזוי שטארק געוועקט משיחן ווי אויפגערודערט דעם יידישן גלות-טרויער און דורך דעם געמאכט גרייט די בענקשאפט צו א

משיח ווי דעם איינציקן אויסוועג. די ראָזענפעלדישע טענער און זייער אדורכברוך האָבן שוין אויך לייכטער געמאכט פאר אזא רעוואָלוציאָנערן און סאָציאַליסטישן פּאָעט ווי א. ליעסין, אויסצוזינגען און אריינצוזינגען אין דער יידישער געשיכטע אריין (און אויך ארויסטראָגן די קייטן) די נחמות פון יידישן משיח נישט ווי א פאראיינזאמט ווילד-געוויקס אין דעם גאָרטן פון דעם אמעריקאנער-יידישן געזאנג.

ראָזענפעלדס פּיאָנערישע אָריגינאליטעט אויף דעם געביט לאָזט זיך נאָר אָפּשאצן ביים באקענען זיך אין דער פולער מאָס מיט די שטימונגען אויף דער שרייבעריש-יידישער גאס אין זיין עפּאָכע. ער איז דאָ געוועזן דער באגער פון א יידישן וועג פארן אויסלייזער-משיח אין דער אמעריקא-נער-יידישער פּאָעזיע.

---

## קאפיטל זיבן.

## א. ליעסין — דיכטער פון משיחישער פראָבלעמאטיק

עס האָט זיך אזוי געמאכט, אז אברהם ליעסין גופא האָט פאר זיין טויט באוויזן צוצוגרייטן זיינע דריי בענדער פּאָעזיע, און מיר קענען אים נאָכשפּרייזן כראָנאָלאָגיש און זיך דערוויסן, אין וועלכע עפּאָכעס ער האָט ארויסגעבראכט זיינע משיח־צאפּלען.

אדורכגענומען מיט דער אלט־יידישער קולטור מער פון ראָזענפעלדן, האָט ליעסין מער נישט געפונען זיין דיכטערישן תיקון אין דער בלויזער וויזיע פון א משיח, וואָס דארף קומען און זיין א יידישער גואל. ליעסין האָט שוין געמוזט מעדיטירן מיט זיין געשטאלט גופא, נישטערן אין אלטע אלעגאָריעס, באנייען די תלמודישע ראם און דורכדרינגען די וואראירטע מאָזאאיק פון יידישער לעגענדע און טרוים. די האָריזאָנטן זענען ביי אים געווען ברייטערע און ער האָט מער נישט געקענט שפּילן אויף דער איינציקער סטרונע פון קארדינאלן גאולה־געדאנק. אים האָבן שוין געלאָקט די געדרייטע געסלעך פון מדרש און זוהר, פון דעם ספר און דער התלהבות פון דעם געשטאלט און זיין שאפן. אויב אפילו ליעסין האָט נאָך געזען משיחן אין די זעלביקע אלגעמיינע שטריכן ווי די פריערדיקע פּאָעטן, קען ער אָבער אויך אריינגערעכנט ווערן צווישן די, וואָס האָבן טעמאטיש זיך אויף פארוועבט אין דער משיחישער פּראָבלעמאטיק.

זייענדיק א הייסער סאָציאליסט, האָט ער אָבער מער נישט געקענט קוקן מיט א שפּאָטישן בליק, און זיך לוסטיק מאכן איבערן יידישן ספר החלומות ווי זיינע פריערדיקע ברידער־פּאָעטן. זיין גירסא־דינקותא האָט אים געצויגן צו די זוהרדיקע הימלען און ער האָט שוין געמוזט זען אן אנדער גאָט ווי עדעלשטאט, און אן אנדער משיח ווי באָווּשאָווער. דער טיפער ייד־סענטימענט איז געוואָרן אויף דער לייט־מאָטיוו פון זיינע רעוואָלוציאָנערע לידער פון 19־טן י.ה. אָבער דאָס האָט שוין צו טון מיטן

פּאָעט ליעסין בכלל. דאָך וועט זיין כדאי צו ציטירן עטלעכע שורות פון דעם כאַראַקטער:

„און וויינענדיק פלעג איך שווערן
א רינג צו פארבלייבן אין קייט,
צו ציען אלץ ווייטער דורך דורות,
דעם וואנדער פון ווילן און וויי,
צו לעבן פאר הייליקע תורות
און שטארבן מיט פעסטקייט פאר זיי."

(„יידיש", לידער און פּאָעמען, פ"ג. פאַרווערטס אסס., ניו-יאָרק, 1938, ז. 16).

נאָך מיט צענדליקער יאָרן איידער די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע האָט גענומען קוקן אין דער פארגאנגענהייט מיט פארטרערטע אויגן, האָט ליעסין געזען דעם יידישן עבר ווי אן אייביק-לויכטנדיקע פּראָצעסיע אין דער געשיכטע. ציטאטן וואָלטן דאָ פארנומען צענדליקער בלעטער. פון זיינע אויטאָביאָגראפישע לידער — און זיי זענען א גרויסער טייל פון זיין שאפן — זעען מיר, אז די משיח-וויזיע האָט אים געררייצט נאָך פון דער קינדהייט אָן:

„מיר חזרן דאָס גרויסע קאפיטל
און ווידער און וואנדערלעך שטראלט
די זעאונג פון ישעיהו בן אמוץ
אין מוח ביי אונדז איבערגוואלד:

אָט זעען מיר הויך דעם בארג ציון,
פון אלע בערג העכער געשטעלט,
אָט ציען אהין זיך די פעלקער,
אָט משפט משיח די וועלט:

אָט שמידט מען די שפיז און שווערד שוין,
אין שניידמעסערס אויס אויפן פלאס,
און פול איז מיט וויסן די ערד שוין,
אזוי ווי מיט וואסער דער ים."

(„והיה באחרית הימים", 1910, זען פריער ז' 37).

אָדער:

"די באָבע לאָזט אָן קריאת שמע נישט אנשלאָפן ווערן,
און קוים דערטשוכעט, שטאמל איך און פרעג:
טאָ וואָסזשע לאָזט דער גרויסער שופר זיך נישט הערן?
און וואָסזשע זאמט משיח זיך אין וועג?"

(„דער הויכער ר' לייב", 1923, זען פריער, ז' 54).

אין אומציילע־ליקע לידער וואַרפט זיך ביי אים אדורך דער ווונדער פון דער יידישער שכינה-בענקשאפט און גאולה-עקסטאז. ווי למשל, זיין ליד פון דעם רעוואָלוציע-יאָר 1905:

"יאָרן טויזנט בענקען, גארן
הילכן אָפּ אין אָט דעם שאלן;
נשמות רייסן זיך און שפּארן,
קייטן ברעכן, תפיסות פאלן!
וויסטע יידישע נשמות,
אָנגעזעטיקט דורך מיט צרות,
אָנגעליטן אין מלחמות
מיט די אלע יצר־הרע'ס,
רייסן זיך ארויס מיט שטורעם,
פריי פון חומר און פון מורא,
פריי פון ערד און פון יסורים,
באָמבארדירן הייס דעם בורא:
,יחביאני בצל ידו
תחת כנפי השכינה'
... גרויסע, הייליקע פארלאנגען,
שטאָלצע תביעות, שטרענג און שטרענגער,
טראָגן זיך אין פלאמען־קלאנגען
דורך דער אלטער קלויז, דער ענגער,
און אָט שפּאלט זי זיך און ברעכט זיך,
דאך און ווענט געשטירצטע ליגן,
און צום הימל ציט זיך, פלעכט זיך,
ווי א פייער־זייל דער ניגון:

,יחביאני בצל ידו
תחת כנפי השכינה׳ !״

(,,שמחת בית השואבה״, 1905, זען פריער ז״ז 73 — 74).

זיין מיטגעריסן ווערן מיט תפילה-עקסטאז האָט געמוזט באווירקן זיין משיח-מאָטיוו אויף גאָר אן אנדער אופן און אים מאכן טאָן-געבעריש אויך כלפּי זיינע הברים-דיכטער. דער רעוואָלוציאָנער ליעסין גיט אונדז אליין זיין לעגיטימאציע דערצו :

״און איך האָב אין עקזאלטירטן ברען
אין דער שווארצער, בלוט־פארפלייצטער וועלט
נאָר איין פאָלק, נאָר אונדזער פאָלק געזען
פון א שיין פון הייליקייט באהעלט.
ליכטער פון ישראל ! ווי איך ווענד
אלץ צו אייך נאָך מיין פארבענקטן בליק,
ווען דער ווילדוואלד ברומט ארום און ברענט
מיט זיין פולער פאָרכטיקייט צוריק...״

(,,מיטן צמח דוד״, 1936, זען פריער ז׳ 87).

ליעסין האָט אויפגעהערט דאָס אומקלאָרע זוכן די אבסטראקציע פון משיחן, נאָר ער קערט זיך אום צום קאָנקרעטן געשטאלט. צווישן די אַנרע-גערישע פיגורן האָט שלמה מולכו פארנומען א צענטראלן אָרט, און עס איז גאָר נאטירלעך, אז ליעסין זאָל אים באזינגען. זיין איידל-צעלויכטענער און יונגער גוף אויף די אינקוויזיציע-פלאמען האָט געטראָגן אויף זיך סימנים סיי פון קריסטלעכן מיטאָס און סיי פון דער משיח-לעגענדע ביי די טויערן פון רוים. זיין אויסגעטועקייט פון ערדישקייטן און די שיינקייט פון א צוויי-און-דרייסיק יעריקן, וואָס גייט אויפן פלאקער, מוז אפילו שטעלן אין שאָטן די פייערלעך-פאנטאסטישע מארטירערשאפט פון גע-קרייציקטן און זיין מענטשלעכן פחד פארן טויט [30]. איז ליעסין צוגעפאלן צו אים מיט זיין פאָעטיש געמיט :

---

30) זען די שילדערונגען פון זיינע געשרייען אויפן קרייץ און זיינע אויסמיידנדיקע תשובות אין פארשיידענע עוואנגעליעס. זען, למשל, לוקאס 20. 26 - 22 ; ווי אויך 3.23. וועגן זיין קלאמערן זיך אין לעבן ביז דער לעצטער מינוט ; זען יוחנן 29.19.

„ר׳ שלמה, מיין העלד מיין דערהארטער,
ווי לויכט ער פון שטראליקער ראם!
אָ, חוטר מפּאָרטוגאל צארטער,
געזאלבטער אין פייער און פלאם!

אָט זע איך אים ווייט דורך די דורות,
אן אנוס ביים קעניג אין הויף,
וואָס ווארפט פון זיך אָפּ אלע מורא׳ס
און דרייסט ווי א ייד טרעט ער אויף.

אָט טוט ער, אן אויסלייזער, גלענצן,
פון גאָט אויסדערווײלט אין גנאָד;
ווי יונג — און דער קליגסטער פון מענטשן
אין רמז, אין דרוש און אין סוד.״

(„מיטן עמק הבכא״, 1937-זען פריער, ז׳ 90).

פאר ליעסינען איז אויך גענוג א משיח-געשטאלט, וואָס איז שוין אומגעברענגט געוואָרן. שלמה מולכו האָט זיין משיחישע שליחות דערפילט מיט א געשלאָסן מויל און מיט געבונדענע הענט. ווען גייט עס אָן וואָס ער איז אומגעבראכט געוואָרן אויף דעם שייטער? וואָס דער משיח איז נישט געוואָרן דער זיגער אויף דער ערד? אבי ער האָט זיך באוויזן מיט זיין צעלויכטנקייט פארן פויפסט פון מאכט און אים פארשאָטנט מיט זיין ליכט. און וואָס איז דער אונטערשייד, צי ער איז דערנאָך צוריק לעבעדיק געוואָרן, ווי עס וויל די יידישע לעגענדע, אָדער נישט? דער פּאָעט איז נאָך מער פארכאפּט דווקא פון אזא משיח-געשטאלט:

עס צווייפלט ר׳ יוסף הכהן:
הלוואי וואָלט עס ווארהאפטיק זיין!
דאָך טוט ער, ר׳ שלמה, נאָך ווייען
אויך איצט פאר מיר הייליק און שיין.

... די גאולה, די קראפט די געהיימע,
וואָס רייסט זיך פון צוים פריי ארויס —
צו לעבן און ליבן אָן אימה
און שטארבן אין הייליקייט גרויס.

אָט לויכט ער שוין ווייט דורכן פענסטער,
דורך דורות, פון שטראַליקער ראַם
מיין ליבסטער, מיין צאַרטסטער, מיין שענסטער,
פון גאָט א געזאַלבטער אין פלאַם.

איך ברי זיך אין מיין טרער, אין מיין הייסער
און קוק צו דער זעאונג זיך צו:
אָ, לערן מיך, הייליקער, גרויסער
צו לעבן און ליבן ווי דו!

די כנסת ישראל צו ליבן,
וואָס בלוטיקט צעזייט און צעשפּרייט
פון טיש פון איר פאָטער פאַרטריבן
אין פייער צו גיין פאַר איר גרייט.

אָ, לערן, אנטפּלעק מיר, ר׳ שלמה,
דעם כח, דעם וווּנדער פון דעם —
צו גיין אויף דיין דרך אָן אימה
דעם דרך פון קידוש השם.״

(זען פריער, ז״ז 91 — 92).

ליעסין בויט נישט קיין אייגענע גאַרנס אויף מולכוס קאָפּ. ביי אים בלייבט ער דער אויסלייזער אויך פאַרברענטערהייט דורך זיין לופטיקער ווירקונג. פאַר אים איז געננוג, אז ער זאָל בלייבן אין זיין געשעענעם פאַקט. דערמיט איז ער אנדערש פון א טייל אמעריקאַנער-יידישע פּאָעטן, וואָס ווילן דעם משיח דעם טראַגישן ווי דעם גליק-ברענגענדיקן איינהילן אין פאַנטאַסטיש-ראָמאַנטישן שטאָף. אויך דעם גואלס אויפגאַבע איז דאָ בולט, זיין טויט איז נישט אָן רושם, ווייל ער האָט געלאָזט דעם שטאָלץ פון זיין אָפּשיין אינעם לעבן און לערנט נאָך ווייטער דאָס פאָלק און דעם פּאָעט. אָבער כדי ווייטער נאָכצופאָלגן ליעסינס באַזונדערן משיח, מוז מען נאָך ציטירן איין פּאָעטיש-אויטאָביאָגראַפישן שטריך זיינעם. ווי א דיכטער, וואָס האָט אויסגעביטן די וואָלאָזשינער ישיבה אויף דער מינסקער רעוואָ-לוציאָנערער באַוועגונג, האָט ער זיך פאַרט אליין נישט געגאַרט:

״איז דאָך קיין ענדערונג אין מיר נישט פאָרגעקומען,
איך האָב און אנדער מוסר־ספר נאָר גענומען:
אָנשטאָט דעם ראשית חכמה לעז איך מירטאָווס בריוו,
און ווידער גריבל איך זיך אומרואיק און טיף,
און מיטן זעלבן סומנעם, מוסר׳דיקן ברומען,
און מיטן זעלבן מתים־ליכט מאָטיוו.״

(,,רעפלעקסיעס״, 1930, זען פריער, ז״ז 117-118).

מעג ער דערביי אפילו אויך מיטזינגען אין רעוואָלוציאָנערער התלהבות, אזוי ווי די פריער-ציטירטע פּאָעטן, דאָס ליד צו די נייע נביאים, אָבער דער ליעסינשער צוגאנג איז צו זען אפילו אין דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, דעם דרך צו דער גאולה, און די עולה תמימה מולכו כשופט פאר אים משיחיש אין זיין פארברענטער הילפסלאָזיקייט. מער ווי דעם קידוש השם וויל ער גאָרנישט דערוואַרטן. ער איז דערמיט מקרב דעם ,,קץ״ אין מענטש-לעכן הארץ געגנוי ווי משיח בן יוסף, אָדער בן אפרים איז אים מקרב מיט זיין אומקום פאר אלעמען.

נישט אלע מאָל אָבער לאָקט א משיח-געשטאלט ליעסינס ליד. גראָד די לעגענדע פון גוטע בשורות, אליהו הנביא ווערט ביי אים פארצווייפלט וואָרטנדיק גלייך מיט אלעמען:

״איצט שטייט ער איינזאם, דער געקומענער,
אין דער מיט פון פוסטקייט —
און אייביק איינער, א באנומענער
פון דער אומבאוווסטקייט.

א מלאך, א געשיקטער, וואָס אליין
האָט ער נישט קיין ווילן,
פארבלייבט ער ביי די אלטע שאָטנס שטיין,
אין דעם שמערץ דעם שטילן.

אלע שטומע שאָטן־דורות, דור נאָך דור,
ענדלאָז אויסגעצויגן;

**ער קוקט די אכט און צוואנציק הונדערט יאָר [31]**
**אין די טויטע אויגן״.**

ליעסינס פאַרהערלעכן דעם מענטשלעכן משיח, וואָס קען שטאַרבן מיט ליכט אין די אברים איז זייער גרויס. בעת אליהו שרעקט אים ווי א מלאך, ווי א שטיק הימל, אויף וועלכע עס זענען נישט שולט די מענטשלעכע שרעקן און דער טויט. האָט אליהו אויך א שליחות? זיכער. אָבער דאָס וואָס מולכו האָט משיחיש אויסגעפירט מיטן איין מאָל עולה זיין אין א פלאם וואָס פאַרברענט, פירט נישט אויס אליהו מיטן קומען אכט און צוואנציק הונדערט יאָר אויף דער ערד.

---

31) געמיינט די יאָרן זינט אליהו האָט זיך באַוויזן ביז צו זיין צייט.

## קאפיטל אכט

# א. ליעסין — דער פּאָעטישער משיחיסט און זיינע בני דור: יהואש און א. רייזען

עס וואָלט כדאי געווען צו ווידמען א באזונדער אויספּאָרשונג וועגן דעם, וואָס פון די טויזנטער מאמרים וועגן משיחן אין מקרא, גמרא און אלטע ספרים האָט נאָר איינער פון זיי געהאט דעם שטארקסטן אָפּרוף. דאָ ווערט געמיינט די אגדה, אז משיח זיצט ביי די טויערן פון רוים — אויב אפילו די לומדישע מסורה האָט אָפּגעוואָרפן[32]) דעם געדאנק, אז דאָרט ווערט געמיינט די שטאָט רוים.

אין תלמוד דערציילט זיך וועגן ר׳ יהושע בן לוי[33]), וואָס האָט געטראָפן אליהו הנביא און אים געפרעגט ווען משיח וועט קומען, און אליהו האָט אים געענטפערט, אז ער זאָל דאָס גיין פרעגן משיחן גופא, וואָס זיצט „ביי דער טיר פון דער שטאָט". ער האָט אים דערביי אָנגעגעבן א סימן, אז משיח זיצט צווישן די אָרעמע און ליידנדיקע פון חולאתן, ווו ער בינדט זיך אויף די ווונדן...

די יידישע ליטעראטור האָט נישט געוואָלט באמערקן רש״יס טייטש,[34]) אז דאָ ווערט געמיינט די טיר פון גן עדן, נאָר אָנגענומען די ווערסיע פון דער שטאָט רוים — אפשר לויט אן אלטער ווערסיע, ווו דאָס וואָרט רוים האָט פיגורירט אין טעקסט, ווי עס באווייזט אגב דער לאקאָנישער צוגאנג פון ווילנער גאון[35]) אינעם יידישן פאָלקלאָר איז עס שוין געוואָרן אן

32) זען רש״י, סנהדרין צח. וואָס טייטש, אז מען מיינט גאָר ביי די טויערן פון דעם גן עדן, און נישט ביי די טויערן פון רוים.

33) דאָרט.

34) אין גמרא אפילו איז נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „רוים" אנדערש וואָלט רש״י נישט געקענט אנווייזן אויפן גן עדן. וועגן דעם נוסח זעז דקדוקי סופרים.

35) אין זיין פירוש אויף ש״ס, אין דער ווילנער אויסגאבע. אגב האָט ער נאָר צוגעגעבן איין וואָרט צום טעקסט „דרומי".

אקסיאָמע וואָס לאָזט זיך נישט אָפּפרעגן. עס איז נישט אין אונדזער טעמע צו זוכן די וואָרצלען פאַרן קלאַמערן זיך אין דער יידישער וואַריאַציע פון א „ליידנדיקן משיח", וואָס איז אגב מער פאַרבונדן מיט משיח בן יוסף ווי מיט בן דוד [36]. דאָס וואָס יידישע פּאָעטן האָבן זיך אזוי שטאַרק דער-נעענטערט צום משיח, וואָס איז געשלאָגן מיט יסורים, איז זיכער א באַווייז, אז זיי לאָקן די ניצוצות פון מענטשקייט אין דער גואל-געשטאַלט און אויך די וויזיע, אז ער געפינט זיך ערגעץ צווישן אונדז. דער משיח וואָס איז אליין באַשלאָגן מיט יסורים קען ווערן סימבאָליש פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל און די טויערן פון רוים לאָזן מעדיטירן וועגן גלות. רייצט אָט די לעגענדע א סך מער ווי די פּרווון פון א פאַרהוילענעם משיח „אָן אַן אדרעס".

עס קען זיין, אז אויך צוליב דער נטיה צו א ליידנדיקן משיח האָט די ישו-ראָמאַנטיק צייטנווייז אזוי שטאַרק אַפּעלירט צו דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע. אפשר האָט אויך דאָס קלאַמערן זיך אין דעם וואונדיקן משיח ביי די טויערן פון רוים געהאַט א שייכות מיט א באַהאַלטע-נער קנאה צו דער קריסטלעכער טעזע דערפאַר וואָס זי פאַרמאָגט די שכרות-אסקעזע פון א קרייץ און א וואונד און במילא — די מעגלעכקייט צו אָפּערירן מיט געלייטערטער טראַגיק.

אויסמיידנדיק די אומצייליקע משיח-שטעלן ביי ליעסינען, וואָס גיבן נישט צו קיין נייעס דער משיחיש-פּאָעטישער געשטאַלטונג, מוזן מיר באַר צוגעבן, אז די וואונדן ביי די טויערן פון רוים האָבן אויך אים שטאַרק פאַרכאַפּט און צוגעשמידט:

„ער זיצט צווישן בעטלער און קאַליקעס קראַנקע
ביים טויער פון זינדיקן רוים —
דער קערפּער אין טראַנטעס, אין קרעץ און אין וואונדן,
דער גייסט אין דעם הערלעכסטן טרוים.

36) זען מסכת סוכה נב. וו עס דערציילט זיך ווי אזוי משיח בן דוד זעט צו דעם טויט פון משיח בן יוסף און בעט דערפאַר בלויז אויפן לעבן. א שטאַרקע קאַנווע פאַרביידע געשטאַלטן אין לייוויקס „גולם חלומט", ווי עס ווערט ווייטער באַהאַנדלט אין אונדזער טעקסט.

**... ער זיצט און ער קראַצט זיך די קרעץ מיט אַ שערבל**
**און וואַרט, פון יסורים געקוועלט,**
**צי קען ער אוועקגיין שוין הויך מיט די וואָלקנס**
**און ברענגען גאולה דער וועלט.״**

(„ביים טויער פון רוים״, *1919*, לידער און פּאָעמען,
פ״ג פאַרווערטס אסס., נ״י, *1938*, ז״ז 30 — 31).

אינעם ליד זיצט משיח און וואַרט אויף דער גאולה פּונקט אַזוי ווי אַלע וואַרטן אויף אים. אָבער נאָך בולטער ברענגט דאָ ליעסין צום אויסדרוק דעם געדאַנק, אַז אין די וווּנדן אַליין ליגט נאָך נישט די אויסלייזונג. זי מוז ערשט משיח אַראָפּברענגען פון די הימלען. דערמיט האָט ער אַם שאַרפסטן אויסגעדריקט די אַמביוואַלענטע באַציאונג פון דער אַמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע צו דער משיח-געשטאַלט: מען וויל אים האָבן אונטן, ביי זיך צווישן מענטשן — און אַ געשלאָגענעם ווי דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. עס קען נישט זיין, אַז בעת דאָס פאָלק ליידט, זאָל ער זיצן אין זיין קרישטאָליק-גינגאָלדענער שטול און וואַרטן. דאָס האָט די יידישע מיסטיק דער שכינה אַליין נישט געקענט צושרייבן און אויך זי געזען אין גלות [37]. אָבער די גאולה גופא מוז ער באַקומען אין די העכערע און גליקלעכע ספערן.

נאָר אין זיין „מענטשלעכן״ צושטאַנד איז משיח ליידנדיק און אומגעדולדיק גלייך ווי אַלע וואַרטער. ביי ליעסינען זענען די ווערטער וועגן אים גענומען פון מדרשים, אָבער באַהויכט מיט אייגן-זאָגערישער ליידנשאַפט:

**״און טרעפט זיך אַמאָל, דורכן לויף פון דורות,**
**פאַרלירט ער די גואל־געדולד,**
**דאַן וויינט ער און בעט זיך: אָ, האַר פון די וועלטן,**
**איז גרויס אַזוי טאַקע מיין שולד?**

---

37) דער וואָרצל — אין זוהר, שמות: „און מיר האָבן געלערנט: אויף יעדן אָרט ווו ישראל איז פאַרטריבן געוואָרן, אַהין איז די שכינה פאַרטריבן געוואָרן מיט זיי...״ איבערגעחזרט אין אַ סך ערטער און אַריין אין דעם אַלטן פאָלקלאָר ווי דער באַגריף שכינתא בגלותא.

פאַרוואָס בין איך אייביק צו לעבן פאַרשאָלטן,
פאַרוואָס אַזא פאַרכטבאַרע שטראָף —
צו טראָגן די משא, דעם דראַנג פון דער גאולה,
און וואַרטן און ליידן אָן סוף?

״די שטערבלעכקייט בין איך מקנא, אָ, גאָט מיין
א הויט — א געזונטע, אָן קרעץ,
דעם איינפאַכסטן טרייבער פון אייזלען, דעם לעצטן,
וואָס ליידט ניט און טראַכט ניט פון ״קץ״!״

(זען פריער, ז׳ 31)

דאָס אַריינגיסן אין משיחן די ספיקות פון טרויער און אים דערמיט מאַכן פאַר א שותף צו מענטשן, מאַכן מולכו׳דיק — לויטער — איז אייגנט-לעך דער רעפּרען ביי ליעסינען. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געוואָלט אָפּשליסן דאָס משיחישע געשטאַלט בלויז דערמיט אליין. אין זיין פּאָעזיע האָט ער אויך אוועקגעוואַנדערט צו דעם העלדן-עפּאָס פון א בר כוכבא, ר׳ עקיבא, ר׳ יהודה בן בבא און צו די געשטאַלטן פון ר׳ לוי בערדיטשעווער ביז הערש לעקערט. זיי אַלע האָט ער געשטעלט אונטערן גאולה-שטערן, ביי וועלכן זיי ליידן נישט, נאָר ווייל זיי מוזן — נאָר הגם זיי קענען זיין גיבורים, קענען זיי עס נישט, ווייל זיי ווילן עס נישט אָן דער גבורה פון גאַנצן פאָלק. דער משיח, וואָס קלאָגט אויף זיין גורל, קען זיין א גיבור — ער איז בלויז פאַרמשפּט דערפאַר, ווייל דאָס פאָלק איז דאָס.

אויף דער פראַגע, צי ליעסין איז געווען א פּאָעטישער משיחיסט, קען מען מיט דער גאַנצער זיכערקייט ענטפערן: יאָ, הגם ביי אים זענען אָפט אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן גלויבן אין משיחן און גלויבן אין דער יידישער אייביקייט. טיילמאָל איז דאָס בלויז אידענטיפיקאַציע, וואָס טראָגט זיך איבער פון איינעם אויפן אַנדערן. אָבער בעת מיר זעען אַזוי בולט ליעסינס פאַרכאַפּטקייט פון משיח-אידעאַל, בלייבט פאַר אונדז א רעטעניש דאָס, וואָס זיינע יינגערע בני-דור פּאָעטן: יהואש, ה. רויזנבלאַט, יוסף ראָלניק און אברהם רייזען — אויף וועלכע ער האָט פּאָעטיש געהאַט א שטאַרקע השפעה, ווי די צענטראַלע פיגור אין דער אַמעריקאַנער-יידישער ליטעראַטור-וועלט, האָבן דעם משיח-מאָטיוו כמעט ווי נישט אויפגענומען.

אין זיין גרויסער ליטעראַרישער ירושה האָט יהואש[38]) בלויז איבער-געלאָזט עטלעכע דינע משיח-מאָטיוון און דער ליטעראַטור-פאָרשער וועט עס אפשר פּאַרענטפערן דערמיט, וואָס זיין טיף-יידישע אינערציע און פּאַטאָס פאַר א משיח האָט ער אויסגעלאָדן אין זיין תנ״ך-איבערזעצונג. אין זיינס א פאָלקסטימלעך ליד גיט אונדז יהואש א דיאַלאָג:

״וואָס האָט איר מיר, קינדער,
צום אויפנעם געגרייט?
־משיח געטרייער,
מיר האָבן געזייט,

מיט איין האנט צום אקער,
און איין האנט צום שווערד,
די אויגן צום הימל,
די פיס אויף דער ערד.

און ווער האָט אייך, קינדער
די בשורה געבראַכט?
־משיח געטרייער,
מיר האָבן געוואַכט.

און שומרים געהאלטן
אויף איטלעכן וועג:
משיח, משיח,
וועט קומען די טעג!״

(„משיח״, אין געוועב, פ״ג „אויפגאנג״, נ״י. 1919, ערשטער באנד, ז״ז 62 — 63).

פון די ווייניקע שטריכן וועגן משיחן ביי יהואשן איז צו מערקן, אז נישט אלע מאָל איז זיין קוק א צוגעגרייטער, א רעאַל-מענטשלעכער און דערוואַרטער. אדרבא, אין זיינס א נישט-שפּילעוודיק ליד זעט זיך נישט

38) יהואש (שלמה בלומגאַרטן) — געבוירן אין ווערזשבאָלאָווע, סוואַלקער קרייז, אין 1870. געקומען קיין אמעריקע אין 1890. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין זעלביקן יאָר. געשטאָרבן אין 1927.

דער דור פון „כולו זכאי״ וואָס האָט געזייט מיט איין האנט צום אקער און מיט איין האנט צום שווערד, מיט אויגן צום הימל און מיט די פיס צו דער ערד. דאָס משיח-דור וועט נישט זיין אליין דער בשורה-ברענגער צו זיך אליין, ווייל עס „האָט געוואכט און שומרים געהאלטן אויפן גאנצן וועג״. אין זיינס אן ערנסט-שטורמיש משיח-ליד ווייזט גאָר יהואש דעם דור פון כולו חייב, וואָס דערווארט גאָרנישט אויסער יאוש:

״א שפּאָטיש קול נאָך פּאָרכטיקער פון דעם געוויין:
איר האָט דעם וועג פארלייקנט און ווו וועט איר גיין?
איר האָט דעם שפּרוך פארגעסן און די ליפּ פארשוועכט
און ווער זאָל א דערלייזער זיין די בלינדע קנעכט?

...און פוילן וועט אין איטלעכן דער מארך און ביין
און שווארץ וועט גליווערן אין אלע אָדערן דאָס בלוט...
וועט דענסטמאָל קומען איינער פון דער פינצטער
און קלינגען וועט זיין קול, ווי וואסער אויסגעבראָכן אין
דער וויסט — — —

און דאן וועט זיין די הילף.״

(„דערלייזונג״, זען פריער, ז״ז 273—275).

אין די אנדערע, ווייניקע מאָטיוון איז יהואש מער בייסיק ווי וויזיאָנער. אָט א שטייגער ווי אין זיין סאטירע „אליהו הנביא און די הינט״ („פאבלען״). און נאָך מער אין זיין עפּאָקאליפּטישער משיח-וויזיע:

״וואָס זעסטו פון דער ווייטן וועכטער?
ברעכט ער אויס אין א ווילד געלעכטער:
רייסט מיר אויף די אינגעווייד
און לאָזט דאָס בלוט צערינען
וועט איר אין דעם בלוט געפינען
אייער פינצטערן באשייר...
— זעסטו פון דער ווייטן קומען
א היילער און א האר?
ווערט דעם וועכטערס צונג א שווערד:
הערט!

און עסיקע צרעת איז אומגעקראָכן
אין אייער פלייש אוןביינער...

האָט אָנגעשפּאנט פון ווייטע לענדער איינער
ווי א פעלז א פעסט־געבויטער
ווי ערד געזונט, און ווי א האמער שטארק,
און יונג און לויטער
ווי א וואסערפאל פון בארג:
הילף דעם נאָנטן און ווייטן
היילונג פארן קראנקן און צעוואונדטן!

איז א בלינדע מורא
פון שווארצע גרונטן אויפגעשפּרונגען
האָט מצורע צו מצורע
אין אנגסטן זיך געחברט,
האָבן האלב־פארפוילטע צונגען
גיפטנדיק געגאוועוועט:
ניט קום אין אונדזער מיט,
ניט טרעט אויף אונדזער ערד,
און פעסט אין דיינע טריט....
טויט איז אין דיין אויג."

(„א מאָטיוו", אין געוועב, פ"ג „אויפגאנג", נ"י, 1921,
צווייטער באנד, ז"ז 149 — 150).

די דאָזיקע יאוש-טענער פון טרייבן אים, וואָס לייוויק האָט שפּעטער דער-הויבן צו דער תהומיקסטער פּאטעטיק, איז נאָך ביי יהואש נישט דאָס לעצטע וואָרט. לשם גאנצקייט מעג אויך נאָטירט ווערן אזא דינע איראָניע:

"זאָג אָן, זאָג אָן...
גיב דעם שופר מיר אין מויל
איך אליין וועל שאלן,
און איך אליין וועל זאָגן:
א שופר שאלט,
א ליכט איז אויפגעגאנגען,

און איך אליין וועל האָרכן
צו מיין שאלונג,
און לאכן
און וויינען:
א שופר שאלט,
א ליכט איז אויפגעגאנגען.״

(„מאָרגן״, „אין געוועב״, זען פריער ז״ז 154 — 155).

נאָך מאָגערער איז די משיח-ירושה פון אזא פאָלקס-פאָעט ווי אברהם רייזען [39], פון וועלכער עס זינגט ארויס א ברעקל מאטירע:

״שומר, שומר, אויף דער וואכט [40]
זאָג, וואָס הערט זיך מיט דער נאכט?

זאָגט דער שומר און ער ברומט
ס׳דוכט דער טאָג: ער קומט, ער קומט.

ברומט דער שומר אויף דער וואכט —
דאכט זיך טאָג און דאכט זיך נאכט;

פרעגט נישט בעסער, וואָס און ווען
כ׳ווייס אליין נישט, כ׳קאָן נישט זען.״

(„דער שומר״, די לידער, נ״י, 1951, ז׳ 34).

אָדער א ווייט שפּליטערל פאָלקסטימלעכקייט:

״אויף א פערד א ווייסן
וועט משיח קומען,
האָב איך אין מיין קינדהייט
ציטעריק שטיל פארנומען,
און אין הארצן האָבן

---

39) אברהם רייזען — געבוירן אין קיידאנאָוו, מינסקער קרייז, ווייסרוסלאנד, אין 1875. געקומען קיין אמעריקע אין 1908. אָנגעהויבן דרוקן לידער אין 1891. געשטאָרבן אין 1953.

40) דער תנכישער „שומר מה מליל?״ אויך אן אָנדייט אויפן נאכט-געזאנג אין דער הגדה של פסח „ויהי בחצי הלילה״.

יונג געבליט פאַנטאַזיען
ווי די ריינסטע בלומען.

ווי דאָס גאַנצע לעבן
שלעפּט זיך שווער מיט פּלאָגן !
היי, דו פערד דו ווייסער,
קום און זאָלסט מיר טראָגן.

שוין פאַרפלויגן זיינען
פילע, לאַנגע יאָרן —
ס'לעבן האָט דערעסן,
משיחן פאַרגעסן . . .
דאָך דאָס פערד דאָס ווייסע,
פון דער שיינער מעשה
לעבט נאָך אין זכרון.

טראָג מיך, ווו סאיז פרידן,
ווו אתרוגים בליען,
וואַרט ניט אויף משיח —
לאָמיר ביידע ציען״

(,,אויף א פערד א ווייסן״, ז' 246. זען פריער).

דאָס שאַבלאָנע ,,ווייסע פערד״ פון משיחן ציט זיך אגב פאַרביי אין הונדערטער לידער פון דער יידישער פּאָעזיע, ווי דער פולסטער אָטעם פון דעם זכרון, וואָס שטעקט אין דער קינדיש-יידישער טרויס-וועלט. לשם כאַראַקטעריסטיק איז אָבער נויטיק צו ציטירן אויך ביי רייזענען דעם אַלגעמיין-געוואָרענעם מאָטיוו פון א משיח וואָס דאָס פאָלק טרייבט און וויל ניט דערקענען. ווי מיר האָבן עס אויך געזען ביי יהואשן און עס איז אויך לייוויקס באַזונדערער וואַריאַנט, ווי עס וועט נאָך שפּעטער אויסקומען צו באַווייזן :

״ווען דער נביא וואָלט שוין קומען,
ווער וואָלט זיינע רייד פאַרנומען ?
וואָס זיין וואָרט געווען וואָלט עכטער,
הילכן מער וואָלט דער געלעכטער.

אפשר צווישן אונדז, אצינדער,
גייט ער אום מיט טרייסט און וווּנדער,
און מיר דאָ, אין נעץ פארצויגן,
קוקן אויס אויף אים די אויגן.״

(„ווען ער קומט״, זען פריער, ז׳ 302).

אין פארגלייך מיט ליעסינס לײדנשאפטלעכן משיח-אקער קען מען רייזענען לגמרי פאר קיין משיח-פּאָעט נישט רעכענען. זיין העכסטער אויסדרוק אין דער ריכטונג האָט שוין געקענט קומען, ווען ער האָט תמימותדיק מיטגעתפילה׳ט מיטן פאָלק:

״אָ, קום שוין משיח ! עס דריקט אומעטום
די קייטן פון קנעכטשאפט ארום און ארום ;
עס האָט שוין קיין אָרט דאָס אומשולדיקע בלוט,
וואָס שפּראָצט און גיסט פון אונטער דער רוט.
עס ראָסטעט פון מענטשלעכער בלוט שוין דער שווערד
אָ, קום שוין משיח, אויף קלאָר־ווייסן פערד !״

(„אָ, גיכער משיח״, די לידער, נ״י. 1951, ז׳ 8).

---

## קאפיטל ניין.

# ה. רויזנבלאט און זיינע מעדיטאציעס ארום דער משיח-טעמע

אין דעם פּאָעטישן ליעסין-דור טרעפן מיר זיך כמעט מער נישט אָן אויף קיין משיח-מאָטיוו. מען קען אפשר מאכן ווייניקע אויסנאמען, ווי למשל אין די לידער פון ה. רויזנבלאט [41]), וואָס זענען געשריבן אין אנהויב פון אונדזער יאָרהונדערט. אָבער אויך זיי גיבן קוים צו עפּעס צו דער געשטאלטיקייט פונעם משיח. אין דער נישט קליינער צאָל פון רויזנבלאטס לידער און ביכער קען מען קוים אויסקלייבן געציילטע משיח-לידער, וואָס קענען זיין פּאָעטיש לויט מעטריק און ריטם, אָבער קיין וויטערדיקע באנייאונג פון דער משיח-וואריאציע זאָגן זיי נישט אָן, און חזרן אָפּטמאָל איבער די טענער פון אנדערע און פריערדיקע. צוליב דעם טעם וועט אונדז אויסקומען אין אונדזער ארבעט אויסצולאָזן א סך משיח-לידער ביי פּאר-שיידענע פּאָעטן, וואָס דארפן אפשר נאָטירט ווערןביים צונויפשטעלן א באזונדערע משיח-ביבליאָגראפיע. בכדי אָבער צו שענקען א ביסל אויפ-מערקזאמקייט איינעם פון אונדזערע אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן-וועטעראנען, וועלן מיר דאָ באלויכטן רויזנבלאטס משיח-טענער מיטן אויסנאם פון זיינע יעזוס-מאָטיוון. מיר גלויבן, אז די יעזוס-ראָמאנטיק אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע פארדינט א באזונדערע שטודיע און מיר לאָזן זי בכיוון ארויס פון אונדזער איצטיקער ארבעט.

אין א סך פון רויזנבלאטס לידער גייט אדורך משיח ווי א וויטער רייטער. עס ווערט ארויסגעהויבן דאָס שאבלאָן-געוואָרענע ווייסע פערד — הגם דאָ ווערט עס נישט אלע מאָל דער סימבאָל פון הכנעהדיקער אָרעמקייט, נאָר עס דערמאָנט אינעם פערד פון א קאמפּס-פעלד. אויך ביי אים איז

41) ה. רויזנבלאט — געבוירן אין רישאָשע, פּאָדאָליער קרייז, אין 1878, געקומען קיין אמעריקע אין 1891. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1900.

משיח די לעצטע סטאַנציע פון שלאַכט און פון זיג. אַלץ ליידט בלויז און צאַפּלט זיך ביז זיין קומען — אָבער ווי נאָר משיח גופא באַווייזט זיך, עקזיסטירן מער נישט קיין פּראָבלעמען, ווייל אַלדאָס-מענטשלעכע, שוואַכע און ליידנדיקע ווערט אויפגעלייזט, און די וועלט איז שוין אַן אויסגעלייזטע. צי האָט אַן אויסגעלייזטע וועלט מער נישט קיין יסורים, קיין פּראָבלעמען? צי האָט משיח גופא נישט קיין שום ספיקות? צי האָט דער משיח-דור נישט קיין שום שיקול-הדעת און פירט אַדורך די אויסלייזונג אויטאָמאַטיש-אידעאַל?

די אַלע קשיות האָבן זיך ערשט געשטעלט ביים שפּעטערדיקן דור פון פּראָבלעמאַטישע פּאָעטן. ה. רויזנבלאַט געהערט נאָך צו דער שיכט דיכטער, וואָס האָבן אין זייער משיחיש-פּאָעטישן וועג אָנגענומען די תלמודיש-טראַ-דיציאָנעלע ליניע פון „כל הנביאים לא נתנבאו אלא לימות המשיח, אבל... עין לא ראתה״ [42]; אַז אַלע פּראָבלעמען, אַפילו נביאיש-הויכע, זענען נאָר באַשאַפן פאַרן מאָמענט ביז דער גאולה — אָבער די אויסלייזונג גופא איז אַ מין פולקאָמהייט, אין וועלכער קיין אויג קען נישט אַריינבליקן און קען מער קיין פּגימות און שוועריקייטן נישט זען. נאָך משיחן פאַרריגלט זיך דער טויער פאַר אַלע שוועריקייטן און עס הויבט זיך אָן דאָס לעבן פון מלאכים. ער קען בלויז באַנעמען, אַז משיח וועט נישט אויסלייזן די וועלט מיטן בלויזן וואָרט זיינעם, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט דער אַבסאָלוטער גבורה. ער דאַרף אויך האָבן — ביז צו דער גאולה — די שווערד פון קאַמף. נאָר מיט דער שווערד אין דער האַנט איז ער לגמרי אומבאַגרענעצט אין זיינע דערגרייכונגען:

„אָ, ווער וועט מיין מאַרשרוט דען וואָגן מיר פאַרצאַמען?
ווו זענען יענע בערג, ווו זענען יענע ימים?

---

42) זען סנהדרין צט. ברכות לד, שבת סג. וועגן דעם, אויב עולם הבא איז מער אייביקייט ווי משיחס צייטן. זע אין רמב״מס פירוש אויף משניות. אין ציטירן פּרק פון באַמערקונג 17. ווי געזאָגט, איז די יידישע מסורה נישט מסכים מיט אים און מיר שטיצן זיך דאָ אויף דער מסורה.

כ'וועל טון אן אָטעם און פארלאָשן וועלן ווערן
אין הימל איבער אייך די זון מיט אלע שטערן.״

(„דער ווייסער רייטער״, געדיכטע און לידער, פ״ג מ. נ. מייזעל, נ״י. 1915, ז' 57).

דער כח'דיקער טריומף-טאָן געמישט מיט צאָרן שטייט אויף דעם מיטן-וועג פון באאיינפלוסטקייט — צווישן תנ״ך און רעוואָלוציאָנערער קאָנצעפּציע. דער גאולה-„רייטער״ איילט, צעשטערט און פארניכטעט. דער איבערגאנג צום אנדערן טאָן איז אויך ביי רויזנבלאַטן פארבונדן מיט דער אפּאָקאליפּטישער וויזיע פון חבלי משיח און איבערקערעניש-יסורים, וואָס באריִרן נאָר די ארומיקע סביבה, אָבער רירן לגמרי נישט אָן די אינערלעכע וועלט פון משיחן גופא. פּונקט ווי ביי די פריער-ציטירטע, איז אויך ביי אים דאָ דער טאָן פון א דור וואָס איז „כולו חייב״ און קען נישט, אָדער וויל נישט אָנערקענען משיחן:

״געהערט האָט די ערד און דער הימל:
די בערג און די ימים די זיבן,
די זון, די לבנה, די שטערן,
נאָר דער וואָס געזאָלט האָט דערהערן,
איז טויט ווי דער מדבר געבליבן.״

(„והיה באחרית הימים״, אין שענסטן טאָג פון הארבסט, פ״ג רויזנבלאט-יובל קאָמיטעט, לאָס אנדזשעלעס, 1953, ז״ז 160 — 162).

דער זעלבער טאָן פון צער ביים דעראָבערן דעם גלויבן פון פאָלק חזרט זיך ביי אים איבער נאָך אין די פריערדיקע שאפונגס-יאָרן:

״נעם דעם שופר, הויב אָן שאלן,
הילכיש שיק צו זיי סיגנאלן,
וועלן זיי פארציטערט ווערן!
— גאָט, זיי וועלן דאָך נישט הערן!

זאָלסט זיי מונטערן און וועקן
זאָלסט זיי שטראָפן, זאָלסט זיי שרעקן,
זאָל דיין שופר העכער שאלן

— גאָט, איך רוף זיי און זיי — פאלן.״

(„האַסט באפוילן״, אונטער גאָטס הימלען, פ״ג, נאצ. ארב. פארבאנד, נ״י. 1920, ז׳ 94).

אָדער:

״ווער איז ער, דער רייטער
אויפן רייטפערד פון פייער ?!
— דער נביא פון נעכטן,
פון היינט דער באפרייער.

. . . אויף קידוש השם !? . . . און
אליין? אָן כלי זין ?!
ווער האָט אים געשיקט?
און ווער וויל זיך באפרייען?
— אליין דער באפעלער !
אליין זיין באגלייטער !
— געבענטשט איז דער ערשטער !
געבענטשט איז דער צווייטער !

. . . און ווו איז דער רייטער,
אפן רייטפערד פון פייער?
— געקומען . . . געוועז . . .
האָט געגעבן צו שטייער?

— געקומען, געוועז,
און איז נעלם געוואָרן?! —
— אין וואָלקן זיין גריווע !
אין ווינט זיינע שפּאָרן !״

(„דער רייטער, דער ווייטער״, מיין ליכטיקע נסיעה, פ״ג ל. מ. שטיין, שיקאַגאָ, 1944, ז״ז 78 — 79).

און נאָך פריער:

״איך צייל די קנוילן רויך: — צוויי טויזנט שווארצע גלות יאָר! פון ווייטנס אויף דעם וויסטן ברעג פון רויט געפארבטן ים פארגייט דעם שונאס לעצטע שטאָט אין לעצטן פלאם.

און הילכיק קלאַפּט די פּויק, און פריידיק יובלט דער טראָמפּייט
און איך — דער לעצטער אין טריומף־מארשרוט א זיגער וועלט
באגלייט.״

(„צוריק מיט די זיגער״, אונטער גאָטס הימלען, פ״ג.
נאַצ. ארב. פארבאנד, נ״י. ז״ז 155—156).

צי איז משיח צופרידן צו זיין אליין מיט זיך בלויז און מיט דער דער־לייזונג, איז די גאולה בכלל א ריכטיקע, ווען זי מוז בלויז שפּרייזן איבער חורבות און איבער לעצטקייט? אזוי ווי זיינע פאָרגייער, האָט עס אויך רויזנבלאַטן פּאָעטיש נישט געמאַטערט. טייל מאָל האָט ער בלויז געקענט אריינפאלן אין שרעק, טאָמער וועט אָט דער משיח נישט קומען און טאָמער וועט ער אים נישט דערקענען. איז וויכטיק פאר דעם דיכטער די זוכעניש נאָך אים, אָדער אפילו נאָך זיין שליח אליהו הנביא („הרודעס״ לאָס אנדזשעלעס, 1930, ז. 39). זוכט ער אים אליין, און ער האָט אפילו נישט קיין געהעריקע סימנים ווי אזוי אים צו דערקענען:

״איך וואנדער און וואָגל אויף הונדערטער וועגן,
און ווער נאָר עס קומט מיר אין וואנדער אנטקעגן,
באקוק איך און פרעג זיך מיט צ׳יטערנדע ליפּן:
ב י ז ס ט ו  דאָס?״

(„מיין ערלייזער, ווו ביסטו?״ זען פריער, ז״ז 79—80).

„דאָס״ קען זיין א בעטלער, אָדער א פאסטעך, א וואסער־קוואל און א פעלז. זיינע מאָטיוון בלייבן אָבער וואריאציעס אויף אלטע טענער. דער פּאָעט, וואָס האָט זיין שיינעם חלק אין דער אמעריקאנער־יידישער פּאָעזיע, יאָמערט זיין משיח-צער אויף תהילים-אימיטאציעס:

״ווען דו, אוי, ווען דו וואָלסט דעם אמת נאָר וויסן,
דו וואָלסט פון די פיס זיך מיט צוואנגען געריסן
די נעגל, און ס׳בלוט דיינס געלאָזט אזוי רינען;
״מיין בלוט אלס א שפּור אויף זיין וועג זאָל אים דינען,
אים פירן ביז ער וועט דאָך מיך ווו געפינען״.

ווען דו וואָלסט מיין הילפלאָזן לעבן פארשטיין!
דו וואָלסט, ווי א טיגער מיט ווילדע געשרייען

אריבער דעם וועג, נאָך די שפּורן געלאָפן
ביז דו וואָלסט, דו וואָלסט מיך ערגעץ געטראָפן.״
(זען פריער).

בלייבט אויך רויזנבלאַט פאַראַנקערט אין דער משיח-זוכעניש, וואָס אמאָל איז זי האָפערדיק זיכער און אמאָל ווערט זי גאַליק-פאַרצווייפלט. דערפאַר איז זי טיילמאָל בלויז געצוויגט צו שליסן אָט דעם דיכטערישן קאַפּיטל זיינעם מיט דער אלגעמיין-געוואָרענער יידישער טרייסטעניש אין א מין יידישן יעזוס:

״נאָר אים, מיין גאַסט, דעם אָרעמאַן,
וואָס שלאָפט אויף דרערד ביי מיר אין קיך —
באשירמען וועל איך פון המון!
מיך קען מען נישט? בין איך משיח!

און שלאָגט מען מיך צום צלם צו —
פאַרגיי איך און עס לאַכט מיין בלוט:
ער שלאָפט ביי מיר, אין קיך, דער האר
און איך בין ער! — און מיר איז גוט!״

(„דער שטן פון איש קריות״, מיין ליכטיקע נסיעה, פ״ג. ל. מ. שטיין, שיקאַגאָ, 1944 — ז״ז 65 — 66).

רויזנבלאַטס טאָן איז אפשר גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר א סך אנדערע פּאָעטן, וואָס האָבן מעדיטירט מיט דער משיח-טעמע און בלויז אַרום איר, איידער אין איר.

עס איז אפשר דאָ כדאי צו באַמערקן, אז א סך פּאָעטן פון דעם קרייז מיט אזא וועטעראַן ווי יוסף ראָלניק [43] בראָש, האָט די משיח-טעמע לגמרי נישט אינטריגירט, און אין זייערע אומצייליקע בענדער פּאָעזיע טרעפט מען כמעט נישט אָן קיין משיח-אינספּירירט ליד.

---

43) יוסף ראָלניק איז געבוירן געוואָרן אין זשוכאָוויץ, מינסקער קרייז אין 1879. געקומען קיין אמעריקע אין 1899. אָנגעהויבן דרוקן לידער אין 1902.

## קאפיטל צען.

# די "יונגע" און זייער "אָרעמער" משיח

אויף ווי ווייט עס לאָזט זיך איינטיילן די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע אין דורות, לאָזט זיך אויסטיילן א „דריטער דור", וואָס האָט סימבאָליזירט דעם גרויס-ליטעראַרישן אויפשוואונג פון יידיש. צענדליקער נייע נעמען זענען דאָ אויפגעקומען און אריינגעבערענגט פרישע טענער. ערב דער ערשטער וועלט-מלחמה און נאָך איר, האָבן זיי אפילו געהאט די איבערוואָג אין דער אמעריקאנער-יידישער ליטעראטור בכלל. פאַרוואָס די דאָזיקע עפּאָכע האָט ארויסגעבערענגט א סך מער פּאָעטן ווי פּראָזאאיקער און עסייאיסטן — איז א גאנץ באזונדערע טעמע פאר ליטעראטור און קולטור-היסטאָריקער. אלנפאלס מוזן מיר דאָ דערמאָנען אין איין אָטעם אזעלכע נעמען פון די אזוי גערופענע „יונגע" אין דריטן דור ווי: מאני לייב, זישע לאנדוי, משה לייב האלפּערן, ה. לייוויק א. גלאנץ-לעיעלעס, מנחם באָריישאָ, משה נאדיר, ראובן אייזלאנד, ראובן לודוויג, א.מ. דילאָן און נאָך צענדליקער אנדערע, וואָס זענען געוואָרן די טאָן-געבער אין דער פּאָעטישער עפּאָכע.

ווי ווייט אונדז איז מעגלעך געוועזן נאָכצופאָרשן, האָט די גרעסטע טייל פון זיי זיך נישט פארנומען מיט דעם משיח-מאָטיוו, אפילו נישט אין דער סובלימירטער יעזוס-וואריאציע. ביי טייל ווידער האָט זיך דער מאָטיוו קוים באוויזן אין א פאראיינצלט ליד. געבליבן משיח-טעמאטיקער זענען נאָר געציילטע. לשם כאראקטעריסטיק וועלן מיר די מאָגערקייט פון דער משיח-טעמע בלויז אילוסטרירן מיט עטלעכע ביישפּילן. אזא פּאָעטישער ריז ווי א שטייגער מ.ל. האלפּערן[44] האָט קוים אָנגעוואָרפן עטלעכע בלייכע שטריכן, ווי למשל, אין זיין סאטירע „דער משיח-זוכער" און ציט א טרויעריק-באנאלן קנוילעכל משיח-חוזק ביז צום סוף:

---

44) מ.ל. האלפּערן — געבוירן אין זלאָטשאָוו, גאליציע, אין 1886. געקומען קיין אמעריקע אין 1908. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1906. געשטאָרבן אין 1932.

״א יונגערמאַן מיט א בלייך, דערשראָקן פּנים
און מיט הענט ווי שפּיזלעך אויסגעשטעלטע
האלט א פייפל פעסט מיטביידע הענט
און זיצט אין די גאטיעס אויפן בעט,
וואָס וויגט זיך אויף א גרויסן טייך,
פרעג איך ביים פארבן־קינסטלער:
וואָס באדייט דאָס בילד?
ענטפערט ער: דער משיח־זוכער!
און ער הויבט אָן אזוי:
מאָלט אייך אויס, אז מיטאמאָל דוכט זיך אייך אויס,
אז מען וועקט אייך,
און מען זאָגט אייך אין דער פינסטער,
אז קעניג דוד שיקט אייך א פייפל.
... ערשט איר הערט, מען רופט אייך
ווער איז? א בת קול. וואָס וויל עס?
גאָרנישט. עס וויל פרעגן צי איר זענט הונגעריק...
... נאָר אז גאָט וויל און איר כאפּט זיך דערביי אויף און אויף אן אמת טאקע
זעט איר דאָך שוין אליין,
אז איר האָט אָפּגעטון מסתמא עפּעס א נארישקייט
וואָס עס איז אפילו נישט כדאי צו רעדן וועגן דעם.״
(„ערשטער באנד לידער״, פ״ג משה לייב האלפערן־קאָמיטעט, נ״י. 1934, ז״ז 212—213).

פוסטע חלומות, הייסט עס, אויף וועלכע מען טאָר נישט פארשווענדן די גאָלדענע פּאָעטישע כלי.

אן עכאָ פון דעם חוזק גיט אונדז אויך דער מייסטער פון סטיל, משה נאדיר[45] אין זיין ליד „צו דעם וואָס קומט אויף א פערד״:

45) משה נאדיר (יצחק רייז) — געבוירן אין נאראיעוו, גאליציע, אין 1885. געקומען קיין אמעריקע אין 1908. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1902. געשטאָרבן אין 1943.

„רייטער, רייטער, ווייטער!
נישט דאָ איז דיר א פּלאַץ,
דאָ גייען דיר אנטקעגן
נאַר ציג און צ׳יג און קאַץ.

דאָ גייט ארום דער שבת
א באָרוועסער, אָן ברויט,
ווען אומעטום איז יום טוב
איז דאָ־הי חול המועד.

דאָ שפּילט נישט קיין קאפּעליע
אז דו קומסט אריין,
דאָ גייט מען נישט אנטקעגן
מיט ברויט און זאלץ און וויין.

רייטער, רייטער, ווייטער!
טראָג דיך אין דיין שטויב,
עס האָט דאָ פאר דיר קיינער
קיין ליבשאפט און קיין לויב.

דאָ זעט מען נישט דעם רייטער
דאָ שעלט מען גאָר דעם שטויב,
און טעג אזוי ווי רענדלעך,
צעטרענצלט מען אויף שטויב.

אָ. רייטער, רייטער, ווייטער!
נישט זשאלעווע דיין פערד,
עס גיט נאָך גאָלד אין גערטנער
א סך אויף אונדזער ערד!“

(„א לאָמפּ אויפן פענסטער“, נ״י, 1929, ז׳ 192).

אויך ביי אן אנדער פּאָעט פון די „יונגע“, פון אזא הויכער מדרגה ווי מאני לייב [46], געפינען מיר בלויז עטלעכע ערב-משיח-טענער. זיי קומען

46) מאני לייב (בראהינסקי) געבוירן אין ניעזשין, טשערניגאָווער קרייז אין 1884. געקומען קיין אמעריקע אין 1905. אנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1904. געשטאָרבן אין 1953.

נאָר ארויס ביי אים מיט דער כאראקטעריסטישער מאַני לייב׳שער צארטקייט, אַנשטאָט דעם שפּאָט-אַפּגלאַנץ פון א משה לייב. אויב אין דער יידישער טראדיציע און אין א גרויסן טייל פון דער יידישער פּאָעזיע, איז אליהו הנביא די מעכטיקייט פון א מבשר און משיח-ווארטער — אפילו אזוי פארצווייפלט ווי ביי ליעסינען, — איז ער ביי מאַני לייבן דער במקום אָרעמער, וואנדער-פויער פון א פארגעסענעם, רוסישן דאָרף, וואָס גייט „דורך אָרעמע שטיבער״, ״זיינע אויגן פול מיט ליבשאפט און טרויער און אויף די ליפּן א שמייכל, א ליבער, און אין פּעלצל פארשטעלט ווי א פויער״.

ווי א סך פון זיין דור פּאָעטן, וויל מאַני לייב נישט אָפּלייגן אלדאָס גוטע אויף דער וועלט ביז דער צייט ווען דער גואל וועט קומען. ער דאַרף אויך נישטווארטן ביז דער אויסלייזער וועט קענען באווייזן דאָס גרעסטע וואונדער. זיין גאולה איז א פּשוטע און קליינע, און אויך דער גואל באנוגנט זיך מיט זיין שאָפּן-פּעלצל און מיטן גיין איבער „אָרעמע שטיבער״. ער איז דער דיכטער פון „קליינעם משיח״ פאר קליינע גאולות אין יעדער צייט באזונדער, ווי למשל, ראטעווען די מענטשן פון נויט און פון וואונדיקע קראנקהייטן. ווי א סאָציאלער פּאָעט מיט אן אויג אויף יידישער נויט, איז מאַני לייבן שווער צו מוזיצירן אויף דער גאָר גרויסער געשטאלט. דער גרויסער משיח קען נישט קומען, סיידן ער וועט שוין בלייבן ביז צום יום שכולו טוב. ער קען זיך נישט באווייזן און ווידער פארשווינדן — דערפאר מוז אזוי לאנג דויערן דאָס ווארטן אויף אים. און וואָס איז דערווייל ? און ווער זאָל באווייזן די קליינע, ערדישע גאולות ? און ווער וועט דערווייל נידערן פון די הימלען ספּעציעל צו א יחיד פון א בוידעם-שטיבל אָדער קעלער ?

איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס מאַני לייב, ווי נאָך אייניקע פּאָעטן, האָבן זיך דערווייל איינגעקלאמערט אין דער אליהו-געשטאלט, וואָס איז, יידישלעך-טראדיציאָנעל, מער מענטשלעך-נאָענט, דאָ-וועלטישער און איינגעבויגן-אָרעמער ווי דאָס נצח-געשטאלט פון משיח בן דוד. מאַני לייבס פּאָעזיע באזינגט אים, ווי אזוי מען קען אים אראָפּרופן פון די הימלען צוליב איין ביסן ברויט פאר א קינד. ער מוז נישט דווקא באגליקן

קיין גאנצע פעלקער, נאָר איין „איש חסיד״ [47] איז אים אויך גענוג. ער איז אויך נישט מחויב אָנצוהאלטן זיין נס פאר דער אייביקייט, און במילא זאָל ער מוזןווארטן טויזנטער יאָרן ביז צו דער צייט, וואָס איז ראוי פאר אים צו קומען. ער קען קומען צו יעדער צייט, אָפטון ס׳זייניקע און פארשווינדן. אליהו בלייבט דערפאר דער באליבסטער גואל פון נויט-ליידנ-דיקע, דער משיח פון פראָלעטאריער און קליינע קינדער. אזא פאָעט פון יידיש-ליכטיקער אָרעמקייט און גנאָד ווי מאני לייב, האָט דערפאר דעם משיח-מאָטיוו דירעקט נישט באריר, בעת א גאנצע קייט פון זיינע לידער זענען איינגעקלאמערט אין אליהו הנביא, ווי אין דעם ליד: „אליהו הנביא״:

״גייט ער אין וואלד, ניט אויף מענטשישע וועגן
ברענט דאָרט א בוים פון א דונער געטראָפן
ליגט דאָרט א וואָלף פון דעם דונער — ווי רעגן
לעבעדיק בלוט פון זיין ווונד איז געלאָפן . . .
וועלפעלע ווייַן נישט, דו בייזינקער פעטער
גלעט ער דעם קראנקן און שטילט זיינע ווונדן,
און מיט א קרייטעך און הייליקע בלעטער
האָט ער די אָפענע ווונדן פארבונדן.
און פארן וואָלף שטייט ער לאנג נאָך געבויגן,
בענטשט מיט א וואָרט, אז געזונט זאָל ער ווערן,
און ביי דעם וואָלף, ניט קיין וועלפישע אויגן,
ווי ביי א קינד מיט געלייטערטע טרערן.״

(„ווונדער איבער ווונדער״, פ״ג. ארבעטער-רינג, ניו-יאָרק, 1930, ז׳ 97).

און אז אליהו איז דער מאָמענט-אויסלייזער פארן וואָלף, היינט וויפל איז ער עס פארן שעפס? אז ער איז עס פאר דער פארווונדעטער חיה, וויפל איז ער עס שוין פארן מענטש, פארן קליינעם קינד און פאר דער מאמע, וואָס ראנגלט זיך אין ווייען? און ווי שטארק ווילט זיך אים שוין באווייזן זיינע נסים צו יידן אין בית המדרש?

47) זען דעם מזמור אין די געזאנגען פון מוצאי שבת אין די סידורים.

״יידן זיצן אין בית המדרש, לערנען תורה אויפן קול
און א ייד וואָס קען נישט לערנען, זיצט און הערט ווי אלע מאָל,
אויפן טיש א ליכטל רויכערט, וויגט די שאָטנס אויף די ווענט,
לויכט אויף אלטע, געלע ספרים, אויף די אלטע באָרד און הענט
און אין דרויסן ווייען ווינטן, דרייען שניי און טויטע קעלט,
נאָר די יידן לערנען תורה, רוען אין אן אנדער וועלט.

עפנט זיך די טיר פון פּאָליש, ווי א בעטלער אין דער שטיל,
שארט אריין זיך אליהו, לייגט זיין טאָרבע אויפן דיל,
זעצט זיך ביים אלטן אויוון, ווארעמט זיך די קאלטע פיס,
הערט זיך צו ווי יידן לערנען, און זיין פנים שמייכלט זיס:
לערנט, לערנט פרומע יידן, איר וועט האָבן אייער לוין.

פּלוצים שטעלט ער אָן זיין אויער און פארנעמט א שטיל געוויין,
ניט קיין חיה וויינט אין דרויסן, ניט אין קוימען וויינט דער ווינט
נאָר פאר מיילן אין א שטיבל, וויינט א פרוי, וואָס גייט צו קינד.״

(„אליהו אין בית המדרש״, זען פריער, ז׳ 100).

דאָ איז נישטאָ מער די שטורמישע זיג-פליערדיי פונעם משיח ווי ביי די פריערדיקע פּאָעטן. דאָ האָט שוין דער דיכטער זיך פארנומען אויף א נייעם וועג, צו זוכן בלויז דעם העלפער אין יחידישע, נישט-אוניווערסאלע נויטן; און אזא משיח דארף אליין שוין זיין א נידערגעשלאָגענער אָרעמאַן מיט א טאָרבע און מיט „קאלטע פיס״. ס׳איז די בענקשאפט נאָך אן עניוותדיקן היילער, וואָס איילט זיך אָבער שנעל צו דער אָרעמער פרויס הייזקע און וועקט די פרעמדע שכנים „ווי א פאסטעך רופט די שאָף״. דאָס וועקט ער זיי צו אן אנדער מין גאולה פון פארטרייבן די בייזע ווינטן פון דער פרויס שטיבל, און דערנאָך קען ער זיך ווידער אומקערן אין בית המדרש אריין צו איינהערן זיך מיט א זיסן שמייכל ווי די יידן לערנען תורה...

נישט אומזיסט האָט מאני לייב איבערגעדיכטעט מיט אזוי פיל צארטער ליבשאפט די מעשה מיטן איש חסיד, פאר וועלכן אליהו פארקויפט זיך ווי א קנעכט. הגם די לעגענדע ווערט פּאָעטיזירט אין פארשיידענע וואריאציעס (זע למשל, מיקאעלאָס פּאָעמע „איש חסיד״ אין „קינדער זשורנאל״ פון יאנואר, 1925) לויכט זי אויף ביי מאני לייבן מיט דעם גאנצן חן פון געלייטערטער פאָלקסטימלעכקייט:

"שטייט אויף דער ייד נאָך אין בלויעם באגינען,
ברויט פאר די קינדער אין מארק צו פארדינען,
קומט ער אין מארק און קוקט אויף די ווענט,
קומט ער אהיים מיט ליידיקע הענט.

זעט שוין די ווייב, ווי זיי זענען דאָ אָרים,
טראָגט זי אין משכון פון אלמער די ספרים,
טראָגט זי אין משכון די לייכטער פון שראנק
ביז זי פארמשכונט איר דרשה־געשאנק."

(„אליהו דער קנעכט", זען פריער, ז' 103).

דעם המשך פון דער מעשה דערציילט סייווי דער סידור פאר אלע אָרעמע-לייט און נייגעריקע. מאני לייב האָט אָבער אין אליהוס אויפטריט אריינ-געלייגט אזוי פיל פּאָעטיש הארץ, ביז עס קען זיך לייענען טאקע ווי א פארצייטיק שטיקל פּיוט:

"האָט אליהו דאָס וויינען פארנומען,
איז ער פון ווייטע נסיעות געקומען,
באָרפיס און יונג, אין א גויאישער העמד,
קענטיק א מענטש, וואָס קומט פון דער פרעמד."

(זען פריער ז"ז 103 — 105)

איז אליהו ביי אים בלויז דער משיח-סובלימאט פאר דער וואָרער צייט פון אציבד. דערפאר איז אויך כדאי צו דערמאָנען זיין ליד „אליהו גיט עסן טויבן" (זען אויבן ז' 106). שוין לאנג אוועק די צייט, ווען די ראבן האָבן גאָר אים געבראכט צו עסן. איצט איז ער א מלאך מיט א מענטשלעך הארץ און דער גואל פאר אלע הונגעריקע באשעפענישן, דער משיח פאר יעדער שעה פון נויט:

"קומט אהער, אלע פאָרכטיקע טויבן,
געהייליקטע פליגל פון פרידן!
און ער שיט אויפן שניי ווי א זייער
פון זיין זעקל מיט אָפענע הויפנס
פאר די טויבן די ברוינלעכע גרויפן."

(זען פריער, ז' 106).

און דאָך מעג מען מאני לייבן, אין זכות פון זיינע אליהו-לידער צורעכענען צו די משיח-פּאָעטן, הגם ער האָט משיחן געזען אזוי זייטיק־אַרעם און ווי א העלפער פון קליינע צער׳ן, איז ער דאָך אן אייגנאַרטיקער טאָן אין דער משיחיסטישער מאָזאאיק פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע. מאני לייב האָט געזוכט דעם עניוותדיקן נביא, בעת אנדערע דיכטער האָבן גאָר געזוכט דעם העלפנדיקן שטורעם צווישן הימלען און וועלטן.

אָבער ביי א גרויסן טייל פון אָט דעם פּאָעטישן דור איז דער משיח־מאָטיוו אזוי ווי בכיוון אויסגעמיטן געוואָרן. א שליסל צו דער דערשיינונג (דאָס דאַרף שוין אויספאָרשן דער ליטעראטור-היסטאָריקער) קען אפשר געבן איינער פון זיי, דער יונג-פארשניטענער ראובן לודוויג[48]. אין זיין ליד „דער ניט געקומענער״:

״ס׳קאָן זיין — —
אויגן האָבן זיך געשפּארט, געריסן פינסטערניש פון וועגן
און גלויביקע פייערן האָבן אויסגעברענט, האָבן זיך פארלאָשן,
שווארץ־ פארצויגענע גריבעלעך וועלן אים מער נישט זוכן,
אויף אים מער נישט ווארטן —
ער איז נישט געקומען.
ס׳קאָן זיין — —
שארפע פינגער האָבן זיך איינגעגראָבן אין די נאסע ווענט פון אָפּגרונטן
און אזוי פארבליבן, קאלט און אויסגעצויגן
טויטע הענט וועלן מער נישט קלעטערן, אים מער נישט רופן —
ער איז נישט געקומען...
... נישט דאָס שטאמלען פון זיינע ליפּן, נישט דאָס שווינדלען פון ציטערדיקע רייד,

---

48) ראובן לודוויג — געבוירן אין ליפּאָוועץ, קיעווער קרייז אין 1895. געקומען קיין אמעריקע אין 1910, אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1915, געשטאָרבן אין 1926.

וועלן הויערן אין די וויסטע טיפן, איבער די קבר׳דיקע ביינער
זיי וועלן שוין נישט אויפוועקן ליכטיקע דערמאָנונגען אין
פינסטערע שאר,
זיי וועלן נישט אָנווייען די ווארעמקייט פון פולבלוטיקע אָטעמס
אין די טויטע אָפּגרונטן —
ער וועט נישט קומען.
ער וועט נישט דערלייזן.״

(געזאמלטע לידער, נ״י. 1927, ז״ז 35 — 37)

איז עס טאקע געווען א רעוואָלטיר־טער וואריאנט פון דער קריסטלעכער מיטאָלאָגיע, וואָס איז אריבערגעטראָגן געוואָרן אויך צום יידישן משיח פון לײדן? בכל אופן האָט דער זעלבער פּאָעט אין זיין ליד „גאָטס זון״ אויך מרמז געווען אויף דער זיטלעכער פּאַרווייריוויכטקייט פון דער ישו-געשטאלט, וואָס האָט דאָמינירט אזוי שטארק אין דער פּאָעזיע פון די פריערדיקע דיכטער און זיינע מיטצייטלער:

״וועמען האָסטו דען דערציילט,
אז דו וועסט אמאָל אהער נאָך קומען?
איצט ווארטן זיי אויף דיר,
שילטנדיק מיין נאָמען...
נו, זאָל זיין,
איך האָב אויך אמאָל געזינדיקט,
אָבער גלויב מיר:
וואָלסטו אהער געקומען,
וואָלט איך געווען פון די ערשטע
צו באוואָרפן דיך מיט שטיינער...
... יעזוס, יעזוס פון נצרת
עס איז מיר שוין דערווידער
מיין מארטירער לעבן
איבער דיר.״

(זען פריער, ז׳ 292)

מען האָט אים אָבער ווייטער גערופן — און טאקע פּאָעטיש — און טאקע די אָנגעזעענסטע דיכטער פון יענעם דור. אָבער גאָר אויף א נייעם אופן.

## קאפיטל עלף.

# ה. לייוויק — דער מאָנער

אויב מיר האָבן אין פריערדיקן קאפיטל דערמאָנט אזוי פיל נעמען צוזאמען מיט ה. לייוויק [49], און דערביי, צווישן די „יונגע" בלויז אָנגעטראָפן אויף איין משיח-סטרונע — און דערביי נאָך א זייטיקע — ביי מאני לייבן, קען דאָס נאָר אונדז נאָך בולטער ארויסווייזן די פענאָמענאלע דערשיינונג — ה. לייוויק. כראָנאָלאָגיש און שעפעריש איז לייוויק צוגערעכנט געוואָרן צו די „יונגע" און דאָך איז ער געוואָרן דער משיח-טעמאטיקער און דער משיח- פּראָבלעמאטיקער. אמת, מען דארף צוגעבן, אז לייוויק האָט זיין משיח-טרוים נישט אָנגעהויבן צו וועבן ערשט אין אמעריקע. ער איז געקומען אהער מיט א פארטיק-אדורכגענומענעם געמיט פאר משיח-בענקשאפט, און דאָס ערשטע ווערק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן און געענדיקט אין די תפיסות פון צארישן רוסלאנד איז געווען זיין דראמאטישע פּאָעמע „משיח אין קייטן". דער קינסטלערישער לייוויק איז בכן ממש געבוירן געוואָרן מיט דער משיח-וויזיע צוזאמען, נאָך איידער ער האָט זיך מיט עטלעכע יאָר שפעטער איינגעגלידערט אין דער גרופּע „יונגע". מען וואָלט דערפאר געקענט זאָגן, אז דאָס איז זיין מזרח-אייראָפּעאישע ירושה. דארף מען אָבער דערביי צוגעבן, אז אויך די אנדערע פּאָעטן פון לייוויקס דור זיינען נישט קיין אמעריקאנער-געבוירענע, נאָר געקומענע פון יענער זייט, און דאָך האָבן זיי די משיח-ירושה מיט זיך נישט מיטגעברענגט. דער פענאָמען ה. לייוויק, ווי א משיחיסטישער דיכטער, ווערט דערמיט גאָרנישט געמינערט.

וועגן לייוויקס דיכטערישן כח, וועגן זיינע אידעען און זיין געשטאלטן די משיח-פיגור איז שוין אויסגעוואקסן א גאנצע ליטעראטור. מיר וועלן

---

49) ה. לייוויק (לייוויק האלפערן) איז געבוירן אין איהומען, מינסקער קרייז, אין 1888. געקומען קיין אמעריקע אין 1913. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1913.

זיך דערפאר נאָר באַגרענעצן צו געוויסע לייוויק-אידעען און ווערק, וואָס זענען נישט געווען אַרויסגעהויבן געוואָרן אָדער אפילו נאָר דערמאָנט געוואָרן דורך אגב אין דער גרויסער לייוויק-ליטעראטור.

שוין אין זיין ממש-ערשטער דראַמאַטישער פּאָעמע „די קייטן פון משיח" וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן — ווי דער דיכטער זאָגט אליין עדות אין דעם אריינפיר (אלע ווערק, יובליי-אויסגאבע, באנד צוויי, דראמאטישע פּאָעמעס, נ"י. 1940, ז' 395) — אין דער מינסקער טורמע אין יאָר 1908, רוקט לייוויק ארויס דעם אלט-טראדיציאָנעלן און דאָך פאטעטיש- נייעם געדאנק: אז משיח ווארט אויף זיין אייגענער גאולה דורכן יידישן פאָלק, פונקט ווי דאָס פאָלק ווארט, אז משיח זאָל אים אויסלייזן. די פּאָעמע שליסט זיך מיט משיחס-ווערטער:

„אוי, ווו בין איך?
אוי, וואָס קלינגט עס
אזוי שווער אויף מיינע פיס?
שווייגן.
האָרכן.
ווארטן.
פאָלק ישראל —
שווייג ניט.
ווארט ניט.
רוף מיך.
אזוי ווי איך — איך רוף דיך:
קום, צעררייס מיין קייט
קום, באפריי מיך;
פאָלק ישראל —
וויין ניט, קלאָג ניט.
איך וועל קומען.
רוף מיך.
נאָר — רוף מיך.
ווידער רוף מיך.
טאָג און נאכט — רוף מיך;
צפון, דרום, רוף מיך;
מזרח, מערב — רוף מיך,
אזוי ווי איך — איך רוף דיך.
פאָלק — איך רוף דיך.
קום, באפריי מיך, —
קו......ם"

(זען פריער, ז"ז 417 — 418)

שוין אין זיין ערשטן ווערק טויכט אויף דער צווייטער לייוויק-שטריך: דער רעוואָלטירער. זיין צעשטורעמטער-מלאך עזריאל רעוואָלטירט קעגן זיינע חברים-מלאכים, וואָס שמידן מיט פרייד די קייטן פון משיחן און זיי זינגען דערביי:

„מיר שמידן, מיר שמידן! מיר האמערן צו. —
א קייט פאר משיח, מיר שמידן רינגען,

מיר שמידן און זינגען
ס׳געזאַנג פון גאָט ברוך הוא״.

(זען פריער, ז׳ 399).

דער רעוואָלטירער-מלאך קען נישט פאַרטראָגן וואָס זיינע חברים שמידן צו דעם גואל „צו זיין חלום״; אויך דאָס וואָס זיי „איז נישט גרינג צו שמידן די קייט פאַר דעם געזאַלבטן״, הגם די רינגען זענען פון גאָלד און „אויסגעלייטערט״ אין שיין פון גאָט:

״דער מדבר אפשר פרייט זיך —
אונדזער הארץ אָבער פארגייט זיך
אין געיאָמער אין פארדראָס. —
כאָטש מיר אלע ווייסן,
אז גאָט האָט אזוי געהייסן —
שרייט א יעדעס זעמדל:
פארוואָס? פארוואָס?
און אז א זעמדל שרייט —
דארפן מיר ס׳געשריי פארנעמען
אין אונדזער הארץ און ניט פארשעמען״.

(זען פריער, ז׳ 400)

אין אָט דעם ערשטן ווערק לייוויקס שפירט מען שוין ארויס זיין דריטן עיקר-שטריך: דעם שאלות-פרעגער... און דעם פערטן שטריך: דעם עטיקער נאָך פון פאַר משיחס-צייטן. קען גאולה קומען דורך בלוט, חורבן, שטורעם, הריגות? ווי אזוי קען גאולה זיס זיין, ווען זי דארף אויף איר וועג פארגיסן בלוט — און ווער קען מכפר זיין אויפן לעבן פון איין קינד אפילו? און ווי אזוי קען משיח זיין צופרידן מיט זיין ראָל, ווען הרוגים דארפן פאלן פון אונטער זיינע פינגער? זאָגט עזריאל:

״כ׳וועל ניט לאָזן די פיס פונעם גואל פארשמידן!
אז דער גואל דארף קומען אהער — זאָל ער קומען
צו ברענגען גאולה, און ניט כדי צו ווערן
אליין א שטיק חורבן, און שטיין דאָ און שטומען
מיט אויגן פארקלאָגטע, פארשעמטע,

מיט קנעכלעך פאַרדרייטע אין רינגען,
וואָס וועלן איין עובדה נאָר האָבן — קלינגען.
די וועלט קאָן נישט וואַרטן, ס'איז צו־גרויס דער חורבן, —
ס'איז צו־גרויס דעם קרבנס געוויין,
די וועלט וויל משיחן שוין.

(צו די מלאכים)

ווער זענט איר ?
ווער דאַרף אייך דאָ האָבן ?
אַוועקט פון מיין מדבר ! —
פאַר אייך זיבן הימלען
צו גלאָצן מיט פרומקייט די אויגן,
צו גיסן מכלומרשטע טרערן
אויף מענטשלעכן צער. — — —"

(זען פּריער, ז"ז 409 — 410)

דער מלאך וואָס איז מורד און וואַרפט צוריק די פליגל צום הימל, ווייל ער וויל נישט זינגען קדוש בעתן שמידן די קייטן פאַר משיחן, איז בלויז אַן אָנזאָג-געשטאַלט, וואָס טויכט אויף איבער לייוויקס גאַנצן משיח-גאַנג. ער איז דאָס דער זעלבער, וואָס וואַקסט אַרויס ביי פאַרשיידענע גלגולים אין די אַנדערע ווערק פון לייוויקן.

איז זיכער גערעכט שמואל ניגער, ווען ער שטעלט פעסט נאָכן אָנווייזן די ליטעראַרישע בלויזן פון לייוויקס ערשט ווערק:

"וויכטיק איז, וואָס אין ,קייטן פון משיח' איז... דער אָנהויב און דער אָנזאָג פון שיר־ניט דער גאַנצער, שפּעטערדיקער דראַמאַטיק און ליריק פון ה. לייוויק. עס איז פאַראַן דאָ... דער אָנהויב פון לייוויקס פרעגן קשיות אויפן סדר פון דער וועלט, דער אָנהויב פון די טראַגישע סתירות, וואָס ער זעט אין איר..."

(„ה. לייוויק", טאָראָנטאָ, תשי"א, ז' 52, פ"ג גרשון פּאָמעראַנץ ביבליאָטעק).

ווי געזאָגט, בלייבט אָבער לייוויקס פּאָעמע דער בלויזער אַריינפיר צו זיין משיח-געמיט אין אַמעריקע, וואָס האָט נאָך אָנגעהויבן צו וואַקסן אויף

יענער זייט ים. דער דאָזיקער אָנהויב איז פּאַקטיש אינספּירירט געוואָרן פון דער ארומיקער ווירקלעכקייט און דער אַקטועלער בונטארישקייט וואָס ער האָט געזען, און פון איר מיטגעריסן געוואָרן. דאָס באַווירקט ווערן פון די אַקטועלע צייט-חלומות, די רעוואָלוציע-טרוימען ביים געשטאלטן די משיחישע אידעאָלאָגיע איז פּאַקטיש לייוויקס שטריך אויך ביי אַזעלכע משיח-ווערק זיינע ווי דער „גולם" און די „גאולה-קאָמעדיע." בלויז לייוויקס אייגענער קוואַל האָט זיין טעמע ארויסגעטראָגן פון די גרענעצן פון צייט. בכדי צו זוכן דעם שליסל צו לייוויקס משיח דאַרף מען זיך אָפּשטעלן נישט בלויז אויף זיינע דראַמאטישע פּאָעמעס, נאָר אויך אויף זיינע קלענערע לידער מיט משיח-טענער. דערפון שיילט זיך אויך אויס לייוויקס אָריגינעל-אייגנארטיקער וועג, זיין צוגיין צו משיחן נישט בלויז מיט בענקשאַפט און חלום, נישט נאָר מיט וויזיע און אַנגעטומענעם שלימות-קלייד, נאָר בעיקר — מיט געוויסן.

לייוויקס נייער וועג צו משיחן באַשטייט הויפּטזעכלעך דערין, וואָס ער וויל נישט אַרונטערפאַלן אונטערן עקזאַלטירטן צויבער — נאָר ער וויל זיין דער געוויסנהאַפטער מאָנער אויך ביי דער גאולה און ביים גואל. ער ווערט דער וואָרט-זאָגער פון דער געפּייניקטער מענטשהייט, פון דער צעקרומט-פאַרבלאָנדזשעטער וועלט, וואָס וויל נישט סתם אויסגעלייזט ווערן, נאָר שטעלט פאָדערונגען. די מענטשהייט — אָדער דאָס יידישע פאָלק — ווערט ביי אים נישט פאַרוואַנדלט אין קיין גאולה-מעדיום איבער וועלכן מען קען מאכן אפילו די ליכטיקסטע עקספּערימענטן און ער זאָל עס אויפ-נעמען מיט צעשטראַלטער בלינדקייט — אָבער דאָך בלינדקייט. דער גואל וויל ביי אים זיין א וואכער און אָפן-אויגיקער שותף צו אַלץ וואָס ווערט אין אים און פאַר אים באַשאַפן. ער וויל אויך אָפּוואַרפן אַלערליי גאולה-וועגן וואָס קענען אים פאַרגרינגערן זיינע ליידן און אפילו באַפרייען, אויב נאָר זיי לאָזן איבער אויף זיין געוויסן דעם פלעק פון בלוטיקן טרויער. לייוויק בלייבט פאַר אונדז דער דיכטער פון דער אַנאַליטישער גאולה, וואָס קאָנט-ראָלירט איר אייגן פּנים.

דורך דעם שיילט זיך אויס זיין דיכטעריש-משיחישער געדאַנק, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין א גאַנץ באַזונדערע משיח-פילאָזאָפיע מיט וועלכער די פריערדיקע יידישע משיח-פּאָעזיע האָט קיין מגע-ומשא נישט געהאַט.

## קאפיטל צוועלף.

# ה. לייוויק און זיינע משיחישע ספיקות

איז משיח בחירה אָדער גורל? קען ער אליין ווערן אויס משיח הגם ער איז שוין דערויף באשטימט געוואָרן, אָדער ער מוז אויף זיך בגוואלט טראָגן די ברכה און די לאסט הגם ער רעוואָלטירט קעגן זיין שליחות? דאָס איז ביי לייוויקן, דעם דיכטער פון גורל, א הויפט-מאָטיוו אין זיין פּאָעטישן דרך. איז גאולה א בחירה ביים יידישן פאָלק, אָדער עס קען זיך פון דער גאולה לאחרית הימים נישט באפרייען, אפילו ווען עס איז מורד קעגן איר? דער טאָפּלטער ראָד פון פאָלק און משיח, וואָסביידע זענען אונטערן גזר פון דערלייזונג, פארפאָלגט אייגנטלעך לייוויקן אין זיין גאנצן שאפן. דער מאָטיוו איז וואך ביי אים סיי אין זיינע דירעקטע און סיי אין די אומדירעקטע משיח-צויבערן. דערביי מוז מען צוגעבן, אז דער משיח-צויבער ביי לייוויקן איז קיינמאָל נישט כולו ליכט, נאָר איז אלע מאָל פארבונדן מיט ספיקות׳דיקער צעפּייניקטקייט. דער ענין גם איז ביי אים לרוב נישט קיין שלוכץ פון גליק, נאָר אויך א מין העלער גלגול פון יסורים. אייגנטלעך איז ביים אים גאולה א שטיק פערמאנענטער פּראָצעס, וואָס גייט אייביק באגלייט פון זיין ווייטיק-קרעדאָ: צער. דאָס איז נישט סתם קיין סקעפּטישער קאפריז, נאָר א לעבנס-פילאָזאָפיע: יסורים זענען הייליק; דערפאר קען מען זיי נישט אויסעלימינירן פון דעם העכסטן לייטערונגס-פּראָצעס — פון דער גאולה. זיי מוזן „פארבעטן ווערן צו דער שמחה״, אויב זיי זענען נישטאָ פון זיך אליין. אָן זיי קען די דערלייזונג נישט האָבן איר פולן קאָליר, ווערט איר זאפט מאָנאָטאָן און במילא קען קיין רייד נישט זיין פון גאולה, ווייל גאולה מיינט שלימות, מיינט אדורכדרינגען אלץ פון דער וועלט — און וועלט מיינט צער.

דורך אזא צוגאנג מוז שוין די משיחיסטיק ווערן פּראָבלעמאטיש און לייוויק גייט אנטקעגן דער דאָזיקער פּראָבלעמאטיק און יאָגט זי נאָך אפילו אויף די וועגן, ווו מען ריכט זיך נישט זי אָנצוטרעפן. אָט דאָ איז מסתמא

אויסגעוועבט געוואָרן דער ערשטער וואַריאַנט וועגן לייוויקס „אומפּאַרשטענ-לעכקייט״ און „מיסטיציזם״.

היות ווי לייוויקס גאַנצע פּאָעזיע — און אפילו א טייל פון זיינע נישט-משיחישע דראַמען — שטייט אונטער א געוויסן משיח-שלייער, אָדער גאולה-אראַמאַט, איז שווער צו מאכן דעם אויסוואַל, וואָס צו ציטירן. דאָך וועלן מיר דאָ נאָר ברענגען עטלעכע לידער-סטראָפן וואָס פירן אונדז אריין אין זיין משיח-געמיט:

״אין טעג פון גאולה האָט דאָס פאָלק געטאַנצט,
נאָר איינער אין דער שמחה האָט נישט מיטגעטאַנצט —
דער גואל.
... און פּלוצלונג — פון ערגעץ דערגרייכט א געוויין,
און אלע דערקענען איין קול, אז דאָס וויינט — דער גואל.
... מיר הערן דיין וויינען, נאָר זאָג אונדז, פאַרוואָס?
״צו באַזיגן אייער פרייד״ — האָט געזאָגט אין געוויין —
דער גואל.
עס פלאַקערט די שמחה. קאַפּעליעס און טענץ.
און הויך אויבנאָן זיצט אין עלנט און וויינט — **דער גואל.**

(„אין טאָג פון גאולה״, ערשטער באַנד, לידער און פּאָעמעס, יובילײ-אויסגאַבע, נ״י. 1940, ז״ז 469—470).

דער אומדירעקטער פאַרשפּיל, הגם פון דער האָפערדיקער זייט, פון דעם זעלבן לייוויקישן מאָטיוו לאָזט זיך אויך אויסגעפינען אין זיין באַרימט פאָלקסליד „אייביק״: פון יידישן אייביקייטס-גורל:

״די וועלט נעמט מיך ארום מיט שטעכיקע הענט,
און טראָגט מיך צום פייער, און טראָגט מיך צום שייטער;
איך ברען און איך ברען און איך ווער ניט פאַרברענט, —
איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אוועק ווייטער.
איך ווין אין א תפיסה, איך רייס אויף די צעל,
עס טרעט איבער מיר צו זיין גליק דער באַפרייטער,
און מיך לאָזט ער ליגן אין בלוט ביי מיין שוועל, —
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אוועק ווייטער.

אין בלוט מיינע קליידער, די פיס קוים איך שלעפּ,
איך קום מיט א ליבשאַפט פון לעצטן געלייטער;
איך קום צו א שטיבל, איך פאַל אויף די טרעפּ...
איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אוועק ווייטער."

(זען פריער, ז' 648).

אוודאי איז יעדער „אויפשטיין ווידער און אוועקשפּאַנען ווייטער" אן אקט פון גאולה. נאָר ביי יעדן אויפשטיין מוז זיך ווייזן דער פּאַטוס פון ווידער גיין צום שייטער. ביי לייוויקן זעט אויך משיח גופא דעם גרויל פון אייביקן ראָד, וואָס שטויסט צו פרייד און געוויין. די דאָזיקע אמביוואַ־לענטע פרייד מיט דער אייביקייט איז א רינג, א געשלאָסענע רינג. קען מען זי אמאָל אויפברעכן און דערביי נישט צעברעכן? קען די בחירה לענקען מיטן גואל און אים פאַרזאָגן ווו ער זאָל יאָ גיין און ווו נישט?

דאָס איז דער מאָטיוו מיט וועלכן לייוויק ראַנגלט זיך, מיט וועלכן זיין גואל-געשטאַלט פּעכט אויס דעם קאַמף — אונטער וועלכן שטערן ער זאָל נאָר דערשיינען. דערפאַר איז זיין גאַנג שווער און זיגזאַגיק; דערפאַר וויינט ער אין שמחה-טעג און איז מקבל באהבה די יסורים; דערפאַר רייסט ער זיך אזוי צו קומען און ציטערט פאַרט איבער די געלעגנהייטן פון וואַרטן. אפשר וועט שפּעטער פאַרט זיין בעסער? אפשר וועט זיין קומען שפּעטער באַשערט ווערן מיט העכערער רייפקייט? אפשר וועט ער פאַרט אמאָל קענען קומען און דאַך נישט דאַרפן טראָגן די הייליקע זינד פון אחריות פאַר מענטשלעכן גורל און מענטשלעך בלוט? אפשר וועט דער גורל נאָך א מאָל זיין אזוי גרייט, אז נישט ער וועט אים דאַרפן שמידן, נאָר נעמען א פאַרטיקן?

דער דאָזיקער קאָמפּלעקס פּראָגעס מוז שטיין פאַר די אויגן ביים וועלן באַנעמען לייוויקס גאולה-וועלט. דערנאָך ווערט שוין פאַרשטענדלעך לייוויקס פּרווו אויסצוקלייבן א משיח און אויך אים גופא אָנצוווארפן די דילעמע ווי אזוי צו זיין משיח, דורך דער האַק, אָדער דורך דער געלייטערטקייט פון אויסגעריפּטן וואָרט?

די דאָזיקע וואַריאַציעס געפינט מען אומצייליקע מאָל, אפילו אין זיינע דאָ-וועלטיקע שאַפ-מאָטיוון. ער האָט זיך אזוי צונויפגעלעבט מיט דער

שטימונג פון משיח-מיסיע, אז זי האָט אויך גענומען באַווירקן זיין פּער-זענלעכע איך-ליריק. דאָס איז אוודאי דער פּאָעטישער קאמער-טאָן פון זיינע סאָציאלע מאָטיוון, פונקט ווי דער הויפּט-עכאָ פון זיין סאָציאלער פּאָעזיע — די געפּאנגענשאפט און פארשקלאפונג, וואָס וועבט זיך ממש ווי א פאטאלקייט אריין אין זיינע משיח-טענער.

עס וועט נאָך ווייטער אָנגעוויזן ווערן לייוויקס באווירקט ווערן פון דער יידישער מסורה, אפילו ווען ער האָט פון איר אָפּגענויגט. דאָ ווילן מיר זיך בלויז אָפּשטעלן אויף לייוויקס פּראָבלעמאטישקייט און ווי אזוי ער נעמט זיינע פּאָעטישע שאלות אזוי ערנסט ביז ער זוכט פאר זיי אן אויסגאנג: מאָנען א „ריינעם״ גואל? שטעלן פאָדערונגען ווי אזוי ער דארף אויסזען? זויבערע הענט און א זויבערער קומען? און וואָס טוט מען פאָרט אין דור „שכולו חייב״, אין א וועלט וואָס לאָזט זיך נישט באפרייען דורך משיחישער צארטקייט? זאָל מען טאקע כסדר שפּאנען פון שייטער צום פּלאַם און האָבן די איינציקע טרייסט פון „אויפהויבן זיך ווידער און אוועקשפּאנען ווייטער״ ביז דער אומענדלעכקייט? און ווי אזוי וועלן די שייטער-אונטערצינדער אויסגעלייזט ווערן פון זייער רשעות? און פארוואָס נישט נעמען און זייער וועלט אויסלייזן אפילו מיט בלוטיקער גבורה? און אויב יאָ, וואָס טוט מען פאָרט מיט דער גאולה וואָס וועט באפלעקט ווערן? קען זי דען זיין די לעצטע, די אמתע? און ווי אזוי קען מען דאָ ארויס פון דעם פארכשופטן ראָד?

אין דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס האָט זיך לייוויק געמוזט ווענדן צו דער אלטער-יידישער לעגענדע און מסורה נאָך אן ענטפער. דאָ האָט ער אים געפונען א פּארטיקן, און דאָך האָט ער אים געמוזט איבערקנעטן, אריינאַר-בעטן אין זיין שטימונגס-וועלט מיט זיין גאנצער פּאָעטישער גבורה. די יידישע אגדה האָט דאָ געפונען איר גרויסן פּאָרמירער, און דער פּאָעט האָט געפונען זיין קוואַל, ביי וועלכן ער שלייפט זיין מעכטיקע אינטואיציע און פירט צונויף די נייע צייט מיט דער אלטער. דער קנופּ פון דער גאנצער דראמע ליגט אין דער אלטער מסורה-טראגיק צווישן חבלי משיח און גאולה. ביי דער בריק צווישן ליידן און דערלייזונג; צווישן משיח בן יוסף און משיח בן דוד — דער אלטער ענטפער וועגן צוויי פּאַראַלעלע משיחים...

## קאפיטל דרייצן.

# ה. לייוויק און זיינע חבלי הגואל

פאר אונדזער ארבעט איז נישט וויכטיק, אויב לייוויקס „גולם״ איז געוואָרן אינספּירירט פון דער רוסישער רעוואָלוציע און אויב דער „גולם״ איז אין תוך די אלוזיע פון דעם גאולה-ברענגער, וואָס וואקסט ארויס פון צעשטורעמטן בלוטדורשטיקן המון. פאר אונדז שטייט די גאולה, אָדער איר גרעבערע פאָרם אין געשטאלט פון ישועה, אָן וועלכער שייכות מיט צייט און אָרט. בלויז פאר פּאָעטישער נויטיקייט-וועגן און דורכן באפעל פון דער יידישער לעגענדע מוז זי אומקומען אין אלטן פּראָג.

דער מהר״ל מפּראָג וויל אויסלייזונג. אים ווערט איבערדריסיק דאָס אומענדלעכע פאלן און אויפהויבן זיך פון יידישן פאָלק. ער וויל דערפירן צו א סוף. ווי אזוי אָבער? אין דער וועלט פון רציחה און בלבול קען דער געלייטערטער משיח נישט קומען; מען טאָר אים גאָרנישט לאָזן קומען, אפילו ווען ער וויל עס. זיין וואָרט איז נישט פארן שווארצן מאָנאך טאַדעאוש, און אויב אויך ער זאָל באנוצן גבורה — ווי אזוי זשע וועט ער בלייבן דער געזאלבטער, דער בן דוד? מוז מען אים „שפאלטן״ אין צווייען, אויפוועקן דערווייל פון פינסטערן חומר ארויס עפּעס א גבורה-געשטאלט און עס איבערגעבן דעם גשמיות׳דיקן לבוש פון א גואל. זאָל ער דערווייל דערלייזן מיט דער האַק, זאָל ער שפּילן מיט בלוט קעגן בלוטיקע און דערנאָך, ווען אלץ וועט זיין אָפּגערייניקט, וועט קומען די צייט פון בן דודס ריינע טריט. קען דער גולם טראָגן משיחס גראָבן מאנטל און דערביי נישט פארלירן דעם וועג? מוז ער נישט אמאָל דערווייטערן יענעמס טריט, אָנשטאָט זיי צו דערנענטערן?

דער מהר״ל אליין שרעקט זיך נישט פאר אזעלכע ספיקות; דערפאר אָבער שרעקט זיך די ליימיקע געשטאלט גופא און קומט אים וואָרענען דערויף:

**געשטאלט:**

**״איך בין געקומען וואָרענען דיך: באשאף מיך ניט,**

**מהר״ל: פארשווינד. איך הייס.**
**געשטאלט:**
**איך זאָג דיר נאָכאמאָל און וואָרן דיך: — באשאף מיך ניט.**
**דו זעסט: עס לעשן זיך די שטערן אלע,**
**אזוי וועט אויסגעלאָשן ווערן יעדע שיין**
**פון יעדנס אויג, וואָס וועט א קוק טאָן נאָר אויף מיר;**
**און ווו מיין פוס וועט נאָר א טראָט געבן,**
**פארוויסטונג בלייבן וועט אויף יענעם אָרט**
**צו וואָס איך וועל נאָר צולייגן מיין האנט,**
**אויף שטויב און אש צעשאָטן וועט עס ווערן. —**
**ניט בייט מיר אויס מיין פינסטערניש, מיין שטילקייט**
**אויף דעם גערויש פון גאסן און פון מענטשן.״**

(,,דער גולם״ 1917—1920, אלע ווערק פון ה. לייוויק, יובילײ-אויסגאבע, ה. לייוויק-יובילײ-קאָמיטעט, ניו-יאָרק, 1940, ז׳ 12).

נאָר דער מהר״ל איז שטארקער, הגם אין גולמס וואָרענען, ערב זיין באשאף, הילכט אָפּ דער גרויל פון אלט-יידישן דוחק זיין דעם קץ. באשאפט ער אים צו טון ,,גרויסע וווּנדער באהאלטן און פארבאָרגן״. נאָר די לייוויקשע ספיקות האָבן זיך שוין אריינגעריסן אויך אינעם מאָמענט פון דער יצירה.

די אלט-יידישע לעגענדע פון מהר״ל מיטן גולם ווערט ביי לייוויקן איבערגעפורעמט אין א פּאָעמע פון משיח-לעכץ ביים מהר״ל. דער לעכץ איז אָבער טראגיש דערמיט, וואָס דער מהר״ל זוכט גערעכטיקייט, און די צייט צווינגט אים, ער זאָל זי זוכן אין ברוטאלן כח, הגם ער ווערט ארויס-גערופן דורך שם-המפורש. טויכט אין דעם גולמדיקן משיח פון כח אויף די ערלאָטיק, דאָס גלוסטן צום מהר״לס אייניקל, דבורה׳לע... און עס ציגדן זיך אין אים די גבורהדיקע בלוטן אויך צו כח-מעשים, און די פינסטערניש פון דער גאולה רייסט זיך אויך פון די קייטן.

דער מהר״ל אליין האָט דאָך געוואָרט אויף דער פינסטערניש אין דער גבורה, זי געוועקט פון ליים און בלויז זיכער געוועזן, אז ער וועט זי לאָזן טעטיק זיין און געצוימט זיין; שלאָגן ווען מען דארף, און רוען ווען ער

וויל. אָבער די וועלט ארום איז פול מיט גלחים-שאָטנס, מיט בלוט און מיט אזעלכע אבלים ווי דער משוגענער תנחום, וועמענס זון גויים האָבן געהרגעט און ער ווייסט גאָר נישט פון קיין שיעור צו רייסן קריעה. וואָס קען מען שוין דאָ צוימען, ווען דער בלינדער כח באקומט דעם יידישן נאָמען יאָסל? ווי אזוי קען מען אים צוימען, ווען מען שיקט אים וואך זיין אין די טונקעלע היילן פון פינפער טורעם, אז דווקא ער זאָל היטן די גערעכטיקייט? און איז דען נישט גערעכט דער משוגענער, ווען ער זאָגט זיינע מטורפע פסוקים:

"פינסטערניש גייט אויף אונדז, פינסטערניש
פון אלע זייטן,
און קיינער קען נישט אָפּשטעלן מיין פייערדיקן רייטוואָגן,
אפילו דו.
ווייל קיינער וועט נישט האָבן אזא העזה,
ווייל קיינער איז אין אים נאָך ניט געזעסן,
און ניט געברענט זיך אין זיין פייער,
און ניט געדרייט זיך אונטער זיינע רעדער. — — —
זאָלן הענט זיך שטרעקן מער צו מיר,
זאָלן העק זיך הייבן,
העלדזער שרייען; —
פארחלשט ווערן הענט,
פארראָסטעט ווערן העק,
און העלדזער ווערן שטום,
און אויב ניט שטום איז — אויפגעשניטן..."

(זען פריער, ז"ז 54 — 55).

און אז אליהו הנביא מיט משיחן באווייזן זיך — ווער דארף זיי איצט? וועמען העלפט דער בעטלערישער משיח מיטן בינדן זיינע וווּנדן? אז משיח אליין איז מיד און קלאָגט:

"זיי גרייכן שוין די קני... ווי מיד איך בין
די אויגן מיינע קלעפּן זיך".

(זען פריער, ז' 81).

מעג זיך תנחום דער משוגענער בייזערן:

״ער שלאָפט? ווי קומט ער גאָר אהער צו שלאָפן?
וואכן דארף ער.
פאנאנדערררייסן זאָל ער זיינע אויגן!
אהערצו קומט מען וואכיק זיין,
ציטערן,
פיבערן,
לויערן... —
טויטע דארפן אויפשטיין,
און ער — גאָר שלאָפן!״

(זען פריער, ז׳ 82)

דער מהר״ל אָבער דארף איצט נישט וואך זיין:

״וואָס טוט איר דאָ? וואָס טוט אירביידע דאָ?
ווער האָט נאָך אייך געשיקט?
און ווער האָט אייך געהייסן קומען?״

(זען פריער, ז׳ 83).

און אז דער גולם וויל זיי אָניאָגן, וויל זיין גבורה צונויפפּאָרן מיט זיין בעטלערישן גאנג, זאָגט אים דער מהר״ל זיין פסוק:

״זיי דאָ, איך הייס דיר. זייער צייט
איז נישט געקומען נאָך, און איצט איז דיין צייט.״

(זען פריער, ז׳ 84).

וואָס זשע העלפט דאָ משיחס גאליקייט ווענן דעם אויסלייזער מיט פויסט און האק (זען פריער, ז׳ 92). דער מהר״ל קומט און טרייבט ווייטער, ווייטער אָן... קיין רחמנות, ווען אפילו אליהו פארגייט זיך אין וואָרטלאָזן געבעט. דער רב פון פראג האָט די מאָס פון דער צייט אין דער האנט:

״נעם אים צו, אנטלויף.
מיט אונדזער פחד סם אים ניט דאָס הארץ.
פון וואנען זאָלן מיר אים ארויסגיין אנטקעגן,
אז אלע וועגן זענען פול מיט הרוגים,
און אלע טרעטן אויף דער שארף פון שפיזן? — — —

ער מוז אוועק, ער טאָר זיך ניט געפינען
אין אונדזער גבול. — צי קען ער זיינע פינגער
צונויפקלאמערן אין פויסטן אייזערנע,
און שלאָגן מיט רציחה איבער קעפּ?
צי קען ער דאָס גערוך פון בלוט פארליידן,
און אויך פארגיסן? — — —

צי קענען זיינע הענט די אויסגעצערטלטע
זיך לאָזן גראבלען אין דעם שמוץ פון גריבער
און זוכן אברים, אש און ביינער?
ער קען נישט. אויב ער וויל עס קענען —
וויל איך ניט. ער דארף זיין דער לעצטער
און ווי וועט זיין צו אים, אויב ער וויל קומען
זיך איינשטעלן פאר אונדז מיט גוואלט."

(זען פריער, ז' 97).

לייוויקס מהר"ל וויל רייניקן דעם וועג, וויל איין משיח זאָל מאכן די בלוטיקע גאולה און דער צווייטער — די זויבערע. די לעצטע, די אויסלייזונג נאָך אלעמען.ביידע האָבן צוויי באזונדערע רשותן פון משיחי-שאפט. פונקט ווי בן דוד דארף בלויז רייניקן, אזוי האָט ער אויך א צווייטן:

"דער איינציקער וואָס מעג זיין פינסטער
וואָס מעג פארגיסן בלוט פאר בלוט."

(זען פריער, ז' 97).

ווייל פונקט ווי איין טייל וועלט דארף א גואל, דארף די צווייטע העלפט א באשטראָפער. נאָר דאָס אומגליק וואָס וואקסט שפּעטער אויס אין דער „גאולה-קאָמעדיע" נעמט זיך דערפון, וואָס ביידע משיח-ספערן רייסן זיך איינע צו דער צווייטער. דער גולם רייסט זיך צו בן דודס אָרעמער אומבאפלעקטקייט און בן דוד ווערט פארכאפּט פון גולמ'ס האק-דערגריי-כונגען. און דער מהר"ל מוז אים שעלטן דערפאר... כאָטש שפּעטער וועט ער אים באגלייטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט און אים באַכזינגען זיין טרויעריק ליד:

״ניט מיט כבוד, א פארשטעלטער
ווי אים פּאסט, אָרעמאן.
אויפגענומען זיינע ליפּן
אונדזער גאסט. צוגעמאכט;
מיט קיין דאך אים איינע — טרויערט
ניט דערפרייט, איינע לאכט.
ניט מיט וואסער זיינע אויגן —
ניט מיט ברויט. אויפגעברעמט;
ניט פארוויקלט איין אויג — גליווערט,
אים זיין וווּנד; איין אויג — קלעמט.
ניט געבענטשט אים: אין זיין אויער —
זיי געזונט. קלאנג נאָך קלאנג;
יאָגט ער ווייטער א געיאָמער,
זיינע טריט א געזאנג.
אומצוקערן ניט צו זען מער
טאָר איך ניט. זיין געשטאלט,
ווייט און ווייטער ניט פאר יונג
שפּאן נאָך שפּאן — און ניט פאר אלט.״

(זען פריער, ז״ז 100 — 101).

וועט אָבער העלפן די צעטיילונג, די פארטרייבונג? איז דאָס דער וועג? וועט מעגלעך זיין, אז בן דוד זאָל זיך רייסן אהער און דער גולם זאָל חלשן צום אהין?

און אז דער גולם אליין לויפט גאָר צוריקברענגען יענע — ווי אזוי זשע זאָל נישט אמת זיין תנחומס אויסגעשריי פון קלאָרן שגעון: ווער קען ראטעווען? ווער וויל ראטעווען? ווער דארף ראטעווען?

עס איז מעגלעך, אז לייוויק אליין שרייט דאָ אויס פון דעם מעכטיקן פלאָנטער צוזאמען מיטן משוגענעם: ווער דארף ראטעווען!? איז דאָ דען דער גולם נישט שפּירעוודיקער פארן מהר״לס באשלוס? ווייסט ער נישט אליין, אז די גאולה אין זיינע הענט פיבערט און ציטערט פארן בלוט

צווישן אירע געשרייען ? און איז דען נישט נאָך טרויעריקער ווען אויך דער גולם ווייסט שוין :

"איר מיינט, אוודאי, ער, דער בעטלער, וועט נאָך קומען ?
איר האָפט אומזיסט, איך זאָג אייך...
דער איינציקער וואָס קען אייך ראטעווען, בין איך.
בין איך — — — "

(זען פריער, ז' 112)

וואָס קען דען נאָכקומען נאָכן גולמס שפּרייזן „דורך טויט און בלוט און לעצטן אָטעם ?" קען ער דערפירן ביז א סוף ? אין לייוויקס „גולם" האָט נאָך דער דיכטער דעם חלום פון גרויסן שלום צווישן די „גואלים". דאן האָט נאָך דער פּאָעט געהאט די וויזיע, אז צום גרויסן און גאנצן משיח-אידעאל קען „דער געקרייציקטער" עפּעס צוטראָגן. דער גולם אליין איז, נאָך אלעמען, בלויז א טייל פון דעם גאולה-קאָמפּלעקס. ער ווארט אויפן טרעפן זיך מיטן בן דוד. נאָר אז ביידע זענען שוין צוזאמען אין דער פינסטערער, פּראַגער הייל, פעלט זיי נאָך עמעץ — דער דריטער. משיח בן דוד אין געשטאלט פון יונגן בעטלער זאָגט :

"ווו זענט איר ? רופט זיך אָפּ,
מיר דארפן זיין דאָ דרייען, דרייען
דרייען,
דערנעענטערן זיך קאָפּ צו קאָפּ
די פריינטשאפט צו באנייען.

די וועלט — באזונדער, מיר — באזונדער,
קיינער ניט אין מיטן,
דער אומזין פון די לעצטע, לעצטע, לעצטע
וונדער
וועט אליין אונדז היטן.

ווו ביסטו, הער מיין קול,
גענעגלטער צום צלם ;
מיר מאכן פרידן, פרידן, פרידן
היינט אויף אלע מאָל, —

**און דו ווו ביסטו, גולם!״**

און דער גולם איז אויך מסכים דערצו:

**״זעץ זיך, נו, און ווו איז ער —**
**דער וואָס דארף דער דריטער זיין?״**

און אויך דער „מאן מיטן קרייץ״ האלט אזוי:

**״ענדלעך בין איך דאָ**
**ענדלעך בין איך פריי.**
**אין מיין לעצטער שעה**
**איינער פון די דריי״.**

(זעון פריער, ז״ז 149 — 151)

און אז ער בעט זיך און ווערט אריינגענומען אין דער חברותא, איז ער צופרידן: „אז מיר זענען דאָ אין דרייען, זענען מיר שוין אלע דאָ...״. דאָס באוויזט נאָר, אז נאָך לייוויקס מעדיטירן מיט זיין פּראָבלעמאטיק האָט ער מער נישט געקענט איבערלאָזן איין גואל-געשטאלט פארן גערangל. אלע קענען דעם ריח פון בלוט-פלעשל, דער צייכן פון דער צייט, נישט פאר-טראַגן. דער קרייץ, די קייט, און די האק — ווי אזוי קענען אלע דריי צוזאמען דורכפירן איין גאולה, אפילו ווען יעדערער פירט דורך זיין טייל באזונדער?

זיי קענען טאקע נישט. דער גולם ווערט בלויז אויפגעברויזט, ווארפט זיך אויף זיין אייגענעם באשעפער, דעם מהר״ל, וועלכער האָט אָבער פאַרט איבער אים די אויבערהאנט. דער מהר״ל אליין מוז זיך דערווייטערן פון דעם ברוטאלן עטאפּ אין דער גאולה און דער גולם אליין נעמט עס שפּירן, און מיט שטומען פּראָטעסט זאָגט ער צום מהר״ל:

**״דו דארפסט מיך מער נישט האָבן״.**

און דער מהר״ל מוז רעזיגנירן:

**״אזוי פיל אומרו אין דיין הארץ, אזוי פיל שנאה;**
**אזוי פיל שווארצע תאווה, קאלטע בייזקייט...**
**דו קענסט פון דיין פארלאָרנקייט זיך ניט באפרייען,**
**און איבער קיין זאך קענסטו ניט דערהויבן זיך**

און אויך ניט — איבער זיך אליין...
אז אלץ וואָס האָט זיך פאר דיין אויג אנטפּלעקט,
האָט אויף א האָר דיין לעבן ניט געלייטערט, ניט געשטילט
דיין אומרו, אויף דיין מויל קיין שמייכל ניט געבוירן.״

(זען פריער, ז״ז 176 — 177)

דער גולמדיקער גואל קען קיין לייטערונג ניט ברענגען. ער קען נאָר הויבן זיין פויסט צום מהר״ל גופא, שפּאלטן קעפּ פון פּראגער יידן אין רציחה. די גאולה דורך כח, דורך פויסט מאכט אדורך איר שרעקלעכע שקיעה דורכן פארגיסן יידיש בלוט.

אין „גולם״ האָט לייוויק בלויז ארויסגעפּירט דעם נעגאטיוון צייכן — אז די פויסט קען קיינמאָל קיין גואל נישט ווערן, אויב אפילו זי ווערט באשאפן דורך א שם המפורש. דער אייגענער באשעפער מוז אָפּשיקן זיין גולמדיק באשאף צו דער לעצטער רו. איז עס נישט די גרויסע טראגעדיע פון דער גאולה? איז עס נישט קיין יאוש? ניין, עס איז בלויז דער יאוש אינעם גולם, וואָס נישט ער קען ווערן איין העלפט פון גרויסן דערלייזונגס-חלום — נישט אין אונדזער צייט און אויך נישט אין אלע אייביקייטן.

## קאפיטל פערצן.

## די פּראָבלעם פון צוויי משיחים ביי לייוויקן

פאר לייוויקן, דעם אדורכגעגנומענעם משיח-פּאָעט, האָט זיך אָבער דאָס קאַפּיטל פון גולם נישט געקענט שליסן. צופיל האָט די מענטשהייט אימיטירט דעם מהר״ל, און דווקא דעם גואל געוואָלט מאכן פאר א דער-לייזער. דערפאר האָט געמוזט קומען אין יאָרן שפּעטער זיין „גאולה-קאָמעדיע״. אויב אין „גולם״ האָט ער זיך באַנוצט מיט א פּראַגער לעגענדע, האָט ער איצט גענומען פאר א יסוד די „ענלעכע״ אגדה פון די חז״ל וועגן צוויי משיחים. קען טאקע משיח אנדערש נישט קומען, סיידן עס רייניקט אים אָפּ דעם וועג א משיחישער פאָרגייער? פארן כח פון טומאה, לילית, איז דער גולם, נאָך אלץ דער גואל. ווען משיח בן יוסף — בן דודס פאָר-גייער — זאָגט אָן דער גאולהס קומען, איז לילית זיכער, אז:

**״די גאולה קומט און דער גואל איז אויפן בוידעם.״**

דער מהר״ל האָט פארשיקט דאָס ליים פונעם גולם אויפן בוידעם פון דער פּראַגער שול. דאָרט ליגט ער און חלומט זיינע ליימיקע וויזיעס, בעת די גאולה האָבן איבערגענומען אנדערע הענט. נאָר אויך די אנדערע הענט דארפן האָבן א נביא — און דער נביא איז ארמילוס... און ארמילום קען היינט רעדן באגייסטערט וועגן בן דודן און ווען דער מאָרגן וועט ווערן היינט, איז ער אים גרייט צו קעפּן.

בן יוסף וויל צוגרייטן די וועלט צו גאולה דורך כולו חייב, בעת דער גואל חלומט פון ווידער אויפשטיין: דארף מען אים טאקע נישט בעת די גאולה זוכט ווידער א וועג דורך רשעות און בלוט? דער גולם וויל אָבער נישט בן יוספן, זיין אייגענע כח-וואריאציע. ער גייט גאָר וועקן בן דודן אוןביידע בענקען ווידער איינער צום צווייטן, האָבן זיך ליב. ארמילוס, דער נביא, וואָס בייט זיין הויט לויט דער צייט, ווייסט אָבער בעסער:

**״בן יוסף דער פאַרפירערישער מורד,**<br>
**דער פירער פון די אָרעמע המונים,**<br>
**וועט באלד געבראכט ווערן אהער אין תפיסה,**

**און אָפּגעגעבן ווערן אין די הענט פון תליון.**
**דאָס פאָלק איז טריי דעם מלך מגוג**
**און וויל נישט קיין גאולות, קיין משיחים.**
**און אויך דער נביא איז געטריי דעם מלך מגוג**
**און שיקט זיין ברכה אים אין אָנהויב טאָג.״**

(„די גאולה-קאָמעדיע״, אלע ווערק, יובילײ-אויסגאבע, צווייטער באנד, ה. לייוויק יובילײ-קאָמיטעט, ניו-יאָרק, 1940, ז׳ 217).

און אפילו אליהו ווייסט שוין, אז:

**״די וועלט געהערט צו די קליינע קינדערלעך**
**מיט די גרויסע האָב איך גאָרנישט וואָס צו טון מער.״**

(זען פריער, ז׳ 227).

מוז דאָס קול פון תנחום (אין „גולם״) ווידער הילכן: ווער וועט ראטעווען? מעג אפילו בן דוד שוין וויסן אז די „שעה׳ן פון ליבשאפט און גוטסקייט קומען נישט״, ווייל מען דארף זיי ברענגען.

אָבער ווי אזוי? די שווערד פון מגוגן האָט שוין באלד נישט וועמען צו פארשניידן און אליהו אליין וואָרנט שוין בן דודן:

**״ס׳איז זיס געווען דיין חלום וועגן מענטשן**
**אין מדבר דאָרט, אין בענקשאפט צו חלומען...**
**עס טוט מיר וויי דאָס הארץ צו זאָגן דיר,**
**איך מוז דיר אָבער זאָגן: גרייט זיך אויף דאָס ערגסטע, —**
**אויף שנאה און אויף תפיסה און אויף פייניקונג,**
**אויף שפּאָט און אויף רכילות און פארראט.**
**אפילו די, וואָס ווארטן אויף דיין קומען,**
**און זאָגן פרום ארויס דיין נאָמען,**
**אפילו זיי — זאָל נאָר באוווסט ווערן, אז דו ביסט דאָ —**
**באגעגענען מיט חוזק וועלן דיך״.**

(זען פריער, ז׳ 243).

דער סארקאזם אין דער קאָמעדיע פון גאולה שפּארט דורך אליהוס מויל צו די שווערסטע שוידער-טענער:

״די וועלט איז אלץ נישט ראוי פאר גאולה נאָך,
די איינציקע, וואָס וואַרטן אויף דיין קומען, —
די קליינע קינדער, — זיי נאָר וועלן טראָגן
א ריינעם שמייכל דיר אנטקעגן ; אָבער
דער שמייכל וועט דערטרונקען ווערן אין דעם סם
פון שנאה, וואָס וועט דיך ארומנעמען פון אלע זייטן.
דער שמייכל פון די קינדער וועט צו דיר נישט גרייכן,
די שנאה קאָכט אין יעדן מענטשנס הארץ
צו אלעמען, און מערער נאָך — צו זיך אליין
פאר אלע פרוּוון אויסצולייזן זיך פון אומרעכט, —
אזוי פול פרוּוון און אזוי פיל דורכפאלן, — מיין זון
און מיט דער שנאה קומט דער הפקר,
פון יעדער זייט וועט לויערן אויף דיר דער ביטול.
דו פרעג ביי מיר, איך האָב געבוג פארזוכט שוין
דעם טעם פון מענטשנס חוזק — גיי צוריק אין מדבר.״

(זען פריער, ז׳ 244).

משיח איז, הייסט עס, נישט שולדיק פארוואָס ער איז ביז איצט נישט געקומען. דער דור איז קיינמאָל נישט ראוי. אָבער דער דור איז אויך נישט שולדיק, ווייל אזוי פיל מאָל איז דאָס וואַרטן געווען אומזיסט. ווו זשע איז דער אויסוועג ? בן דוד האָט אים: זיך איינעקשנען ! דאָס מאָל באין אופן נישט צוריקגיין אין דעם מדבר:

״איך וויל מיט מענטשן זיין
און דאָס וואָס וואַרט אויף מיר, — זאָל קומען,
און דאָס וואָס איך דאַרף ברענגען — וועל איך ברענגען
דורך ווילן און נסיון...
איך האָב אליין באשטימט צו קומען און — געקומען.״

(זען פריער, ז׳ 345).

אליהו ווייסט אָבער, אז אים האָט געברענגט דער גולם. וואָס קען זיין דערפון ? קען די האק זיך פּאָרן מיט בן דוד און ברענגען דאָס באשטימטע ? אליהו קען נאָר וואָרענען:

„און אָט, — ער שטייט זיך אויף, דער יאָסעלע,
און מיר ניט, דיר ניט, טוט זיך אָן אין דיין געזיכט
און שוין — ער איז אליין שוין א חנינה
ער איז אליין שוין א משיח, א בן דוד, —
זאָלסט וויסן זיין: אויך ער וועט דיך פאַרראַטן."

(זען פריער, ז' 246)

קען משיח האָבן בחירה? אייגענעם גורל? אייגענעם רשות? בן דוד ווייסט, אז בישט און ער איז מורד. ער וויל ברענגען גאולה דורך זיך אליין, מיטן גולם ביי דער זייט. אפילו מיטן דורכגיין רשעות, ווייל „די גאולה איז בילכער ווי דער גואל". מוז ער דערנאָך דערזען, אז „אויך די גאולה וועט ניט אויסמיידן די האַק" (ז' 259).

לילית וויל אויך די גאולה, אָבער דורך א שטאַרקן בן יוסף, וואָס טוליעט זיך בישט צו קיין געלייטערטן בן דוד, נאָר גייט אליין אויסלייזן מיט גבורה און בלוט. זי וויל א משיח פון בלויז מאכט. אויך צווישן די מחנות זענען אזעלכע פאַראַן. אינעם גאולה-פּראָצעס טויכן אויף לצים, בייזע ציגנער, ווילדע המונים... מוז בן יוסף טרייבן בן דודן כאָטש ער האָט אויף אים געוואַרט, מוזן אלע גאָר קניען אין עקסטאַז פאַר דער גאולה-האַק. אפילו דער גולם האָט שוין ווידער די גרויסע פרייד פון אָפּגעהאַקטע קעפּ. קען בן דוד זיין דער איינער, דער בלויז-ריינער און דערביי פאַרבלייבן גואל? קען ער האָבן עמעצן מיט זיך, בעת אפילו דאָס בלוט פון גוג ומגוג איז אויך פאַר אים בלוט? צוליב דעם האָט ער זיך געריסן, געקומען? דאַרף דאָס פאָלק זיינע לויטערע, שעמעוודיקע, ציטערדיקע הענט?

אנדערש קען עס בישט זיין: מען שלאָגט אים. אלע האָבן אים פיינט. דער גולם, לילית, דער המון, בן יוסף, דער נביא, די אָרעמע אפילו... אליהו זעט:

„די גאולה געבראַכט אין נאָמען פון אָרעמע,
און שוין זענען ווידער דאָ זאַטע און הונגעריקע,
און שוין זענען דאָ חונפים
און העצער, און אויסניצער די גאולה פאַר זיך.

און שוין זענען ווידער דאָ שטאַרקע און שוואַכע,
מקורבים און פרעמדע, יחסנים און לעצטע,
בן יוסף אליין איז שוין שיכור פון גדולה,
און פאַרגעסט צוליב וואָס ער איז געקומען.
די מאַכט ניט פאַרלירן — זיין איינציקע זאָרג,
און גאווה און רשעות — זיין הייליקע תאווה.״

(זען פריער, ז׳ 297).

דער גולם האָט אָנגענומען בן דודס פּנים. אויך די משיחישע חיילות הרגענען, שעכטן פּרויען צוזאַמען מיט די קינדער, די הריגה אַליין איז שוין ביי זיי געוואָרן אַ טייל פון דער גאולה. דאָס הרגענען דעם אמתן בן דוד גופא איז ביי זיי אויך נאָר אַ גאולה-לעבץ: זיי ווילן נישט אים און זוכן זיך אויך פון אים צו דערלייזן. דער גולם, דער סימבאָל פון קרעפּטיקן און פאַרבענקטן פאָלק, זוכט אים אַרום מיט שוים אויף די ליפּן און מיט רציחה אין די הענט — אויב אפילו די וועלט זינגט פון וווּנדער — פון טרויעריקע גאולה-וווּנדער. די גאולה ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיק-גרויליקער אַרגיע, פון וועלכער בלויז דער געענדערטער גולם רייסט זיך קוים אַרויס. דער משיח בן יוסף איז שוין אַדורכגענומען מיט זיין מאַכט „ווייל פון צדקות עקלט״ (ז׳ 331) און אויך ער שיקט בן דודן אין מדבר אַריין, נאָכן אַריינשליידערן אים אין תפיסה, ווייל „דאָ דאַרף מען דיך נישט האָבן״. ווי אַזוי זשע זאָלן נישט בלייך ווערן בן דודס פאַרפּייניקטע ווערטער פון וואַרטן אויף נצחון און זיין טענה׳ן, אַז ער מיט בן יוסףן זענען ביידע משיחים. בן יוסף וויל אייגן גליק אין דער גאולה. בן דוד מיינט, אַז דער גואל דאַרף נישט גליקלעך זיין, נאָר דאָס פאָלק. די מאַסע האַלט, אַז איינער איז גאָרנישט. די מאַסע איז דער גרויסער משיח. ווערט בן יוסף משוגע. ער איז דער פּייניקער און דער פאַרצווייפלטער, דער אכזר און דער געפאַלענער:

״אָ, זע וואָס איז געוואָרן פון מיר
אַ שלאָפלאָזער פּחדן — און אכזר איז געוואָרן פון מיר...
פאַר אַלע תענוגים אַ היתר געגעבן; —
און פאַר זיך — סם— סם.״

און דאַך רוישט ער ווידער מיטן תליון, מיטן גרויסן גליק צו קענען פּייניקן.

און וואָס קען שוין זיין, אז דאָס פאָלק רעוואָלטירט קעגן בן יוספן און אז עס נעמט ווידער טראָגן בן דודן אויף די הענט? און אז דער גולם קערט זיך אום? לייוויקס גואל און די גאולה ווירקן אומהיימלעך-שווער. עס איז דער גרויסער אומעט פון דער וועלט, וואָס מיליאָנען געהויבענע בעכערס קענען אים נישט פארשווענקען. די לעצטע גאולה ווערט ווידער באגלייט פון ארמילוסן, פון די זעלבע בלוט-צערוישטע און צעטאנצטע. איז דאָס דער סוף?

לייוויקס ווערק איז געקומען ווי א רעאקציע קעגן דער גרויסער פּאָעזיע וואָס באזינגט דאָס געטלעכקייט אין המון, דאָס זען אינעם פאָלק בלויז דאָס לויטערע קינד פון חסד און דערלייזונג. קען אויך זיין „העפּי ענד" נישט פארווישן די שפּורן פון טראגישן סארקאזם פון דער גאנצער פּאָעמע. איז טאקע קיין אויסוועג נישט פאראנען?

לייוויקס גאולה-וועג איז נישט בלויז דראמאטיש, נישט בלויז טרויעריק און האָפערדיק. עס איז אויך דער גרויסער פראגע-צייכן: איז אלץ כדאי?

---

### קאפּיטל פופצן.

## ה. לייוויקס קאָנצעפּציע וועגן דער „זינד" פון זיין א משיח

מיר גייען איצט איבער צו לייוויקס לעצטנס-דערשינענע דראמעס, וואָס האָבן א טיפע שייכות צו זיין גאולה-דראמאטיק.

אין זיין דראמאטישער פּאָעמע „גזר" („אידישער קעמפער", פּסח תשי"ג) שיילט זיך ארויס לייוויקס קלאָרער בליק וועגן דער גואל-געשטאלט, וואָס דערגאנצט זיינע אלע פריערדיקע ווערק. דורך דער געשטאלט פון משה'ן פירט לייוויק אדורך דעם געדאנק, אז דער גואל קען די רעזולטאטן פון זיין גאולה נישט זען מיט די אייגענע אויגן, דערפאר ווייל ער איז אין א געוויסער מאָס שולדיק. זיין שולד ליגט דערין, וואָס ער איז גואל, און דערפאר האָט ער געמוזט זיין אחריותדיק פאר מענטשלעכע גורלות. דורך זיינע וועגן ציען זיך גרויסע מחנות. צוליב זיינע געבאָטן זינדיקט א פאָלק, שטארבט עס אין דער מדבר. קען ער זיך נישט אויסטיילן פון זייער גורל, פון דעם גזר וואָס ליגט אויף זיי. אויך ער האָט געמוזט פירן שלאכטן, פארגיסן בלוט פון סיחון ועוג, צעָרענען אויף זינדיקע יידן אין דער מדבר, זיי באפעלן צו שטארבן. באפעלן לעבנס זיך אויסלעשן? אין נאָמען פון גאולה? פון א שענערער וועלט נאָך זיי? מסתמא איז עס גערעכטיקייט. אָבער דער וואָס פירט דורך די דאָזיקע גערעכטיקייט, מוז אוועקגיין מיט די געמשפטע צוזאמען. דור המדבר איז מקנא משה'ן, צאָרנט אפילו פארוואָס ער וועט בלייבן בעת זיי וועלן פארגיין אין די עלנטע מדבר-זאמדן, און די פּאָעטישע גערעכטיקייט וויל אים אויסגלייכן מיט זיי . . .

דער גואל מוז גיין מיט די, וואָס זענען היגטערשטעליק פון דער גאולה און נישט מיט די וואָס גייען פאָרויס אין דער אויסגעלייזטקייט אריין . . . און עס ווערט שוידערלעך צו זען, ווי אזוי די צוויי העלדן ימיאל און חפר דערפרייען זיך ביים דערהערן, אז אויך משה איז מיט זיי; אויך ער גייט נישט אריין אין כנען. די פרייד פון בשותפותדיקן גזר איז פול מיט שוידער,

אָבער דאָך לאָגיש באַרעכטיקט פונעם מחבר. די טראַגעדיע איז נישט משהס, נאָר דעם גואלס; נישט זיינע נאָר דעם גאַנצן דורס. אויב דער גזר פון שטאַרבן אין דער מדבר איז גערעכטיקייט פאַר זיי — מוז אויך משה זיין א טייל פון דער גורל-גערעכטיקייט.

דער גואל, אפילו אין דער גרויס פון א משה, מוז קענען אונטערטויכן אין דער פאַרגענגלעכקייט מיט דער ברכה אויף די ליפּן. און צוזאַמען מיט אים דאַרפן נאָכזאָגן די ברכה אַלע אומגליקלעכע און צוריק - אין דער מדבר - אומגליקלעכע און גליקלעכע, וואָס דער גואל שפּרייזט מיט זיי צו דער פאַרלוירנקייט פונעם באַרג נבו...

פאַרוואָס אַזאַ גזר פון גערעכטיקייט? אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע דערזאָגט עס נישט לייוויק אַזוי אָפן, ווי ער טוט עס אין זיין סאַמע לעצטער דראַמאַטישער פּאָעמע („אין די טעג פון איוב", ציקאָ-פאַרלאַג, ניו-יאָרק, 1953) דורך א ריי אונטערטענער, וואָס באַרירן כמעט נישט די גאולה-פּראָבלעמאַטיק.

דער פּאָעט לייוויק גייט זיין גאַנצן שעפערישן וועג דורך טראַגיק פון גאולה, דורך זוכן די אויסלייזונג, וואָס באַנוצט זיך נישט מיט קיין טראָפּן לעבעדיק בלוט פאַרן דערגרייכן דעם ציל. האָט עס אפילו דער געלייטערטער יצחק פון דער עקידה — דער סימבאָל פון מקריב זיין זיך פאַר גאָט — דערגרייכט? האָט ער דען נישט געלאָזט אין דער לעצטער מינוט, אַז א שעפּסיש לעבן זאָל אים פאַרטרעטן?

אין זיין סצענע פון אָט דער נייער דראַמע (ז' 121) פרעגט דער שעפּס, וואָס איז געוואָרן דער קרבן אויף יצחקס אָרט: „און מיין האַלדז שעכטן מעג מען?" אויך דער שטומער שעפּס מאָנט די גערעכטיקייט פון זיין בלוט — און אויב אפילו דער גערעכטער יצחק האָט זיך אויסגעלייזט פון טויט מיט זיין בלוט — מאָנט ער חשבון:

**"צי האָסטו ניט געפרייט זיך וואָס דיין טאַטנס מעסער**
**האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף מיר און ניט אויף דיר?"**

(זען פריער, ז' 121).

לייוויקס חשבון איז ניט בלויז מיט די וואָס פייניקן, נאָר אויך מיט

די וואָסליידן. פאַרוואָס זאָלן יסורים באַר זיין יהידות׳דיקע? פאַרוואָס זאָל אפילו דער געלייטערטער קרבן יצחק האָבן א שמחה, ווען אנדער בלוט ווערט צוליב אים פאַרגאָסן פאר זיין רעטונג? און פאַרוואָס זוכט ער שוין פערזענלעך גליק, אפילו ווען א צווייטער מאַטערט זיך אין יסורים? און פאַרוואָס לאָזט זיך דער קלאַסישער קרבן פון תנ״ך, איוב, טרייסטן ווי באַלד זיין הויט ווערט צוריק געזונט — אויב אפילו זיינע קינדער זענען פריער געהרגעט געוואָרן און זיי שטייען מער נישט אויף קיין לעבעדיקע?

אויך מאַרטירער בלייבן אין זייער הינטערגרונט עגאָאיסטיש. ווו זשע איז די גרענעץ צווישן די וואָס זענען ווערט גאולה — און די נישט-ווערטיקע, בעת די אויסגעלייזטע קענען גליקלעך זיין מיט זייער גאולה, הגם די אויסלייזונג האָט איבערגעלאָזט אויף דעם וועג א סך נישט-דערלייזטע?

לייוויקס גאולה-פּראָבלעמאַטיק איז א זוכערישע, א מאַטערניש צו דערגרייכן אזא מין שלימות, צוליב וועלכער די גאולה אליין זאָל ווערט זיין איר באַמען און בכח זיין אלץ מתקן צו זיין און אלץ ארומצונעמען און אריינצונעמען. אלס אזעלכער שטייט לייוויק אויף א גאַר-באַזונדערער און קלאַסישער פּאָזיציע אין דער משיח-טעמאַטיק פון דער אמעריקאַנער-יידישער פּאָעזיע.

---

## קאפיטל זעכצן.

# מנחם באָריישאָס רעליגיעזער פּראָטעסט קעגן דער משיח-אידעע

צווישן די כאראקטעריסטישע משיח-זוכער צווישן דור „יונגע" מוז מען זיכער אויך אריינרעכענען מנחם באָריישא[50]. נאָך ביי זיין סאמע אָנהויב האָט ער די גאולה-חלומות בלייך פּארוועבט אין זיין געזאנג, אָבער עס איז אונדז מעגלעך נאָר זיך אָפּצושטעלן אויף זיין רייפסט ווערק „דער גייער", (ארויסגעגעבן פון קאָמיטעט „דער גייער", ניו-יאָרק, 1943.) אין וועלכן מנחם האָט געפּרוווט אדורכפירן דאָס יידישע פאָלק איבער דער גאנצער געשיכטע.

נאָך אין ערשטן באנד פון דעם ווערק שילדערט מנחם די משיח-גארעניש ביי דער יידישער יוגנט מיט עטלעכע דורות צוריק:

„וועט משיח קומען? אז איר דארפט אים, וועט ער קומען".

(ז' 104).

דאָס וויל דער דרייצן-יעריקער עילוי שוין וויסן דעם אמת ביים הויפּט-העלד נח. ס'איז אן „אמת" וואָס מאטערט דעם געפרעגטן נישט ווייניקער ווי דעם יונגן פרעגער. נח אליין האָט בלויז טיילמאָל דעם ענטפער:

„עס וועט קומען אויף דיר אזא ליכטיקע רגע,
ווערסט דערקענען דעם בונד צווישן עלנטן פרעגער
און אייביקן ענטפער און זאָגן ווי איך:
ניט פאר מיר דארפסטו פיינען און שיינען, משיח!
ניט פאר מיר דארפסטו ברעכן דעם קארק אונטער אייזן
און גיין צום כביכול די וווּנדן באווייזן,
כ'בייג אליין מיין געניק אונטער אייזערנע יאָכן

---

50) מנחם (באָריישאָ, גאָלדבערג) — געבוירן אין בריסק, גראָדנער קרייז, אין 1888. געקומען קיין אמעריקע אין 1915. אָנגעהויבן דרוקן לידער אין 1906. געשטאָרבן אין 1949.

און אין אייזן פון יאַך ווערט געשטייפט מיין בטחון.״

(זעזן פריער, ז׳ 104).

דערזעלבער פרומער נח, דער אייביקער „גייער״ איבער יידישע מדרגות האָט זיך זיין באַזונדערן, רעוואָלטירנדיקן און סאַרקאַסטישן קוק אויף אויסלייזונג און משיחן:

״צו וואָס געמאכט פון דער וועלט א פּרוזדור?
הייסט עס — דער אייגענער פּלאַץ אין יצירה
קען דאָ נישט דערקענט ווערן קיינמאָל,
און דער תּיקון דאַרף קומען ערגעץ־ווו, ערגעץ־וועו,
דורך א שליח, דורך גאָטס מוזיניקל, וואָס ער האַלט אים
באַהאַלטן הינטערן כּסא הכבוד, ווי, להבדיל,
א יידענע הינטערן פּאַרטוך, און וועט אים אַרויסלאָזן איינמאָל
און באַקרוינען מיט זיבן קרוינען און לאָזן מחיה מתים זיין
און ברענגען תּיקון דער וועלט.״

די דאָזיקע איראָניע, צוליבן געמאַטערט ווערן פון ספיקות, ווערט נאָך מער פאַרשאַרפט בעת דער „גייער״ טענהט זיך אויס מיטן גביר ר׳ מרדכי:

״איר זענט א ייד א גביר
איר האָט גרויסע עסקים צו פירן און מוזט נעמען אייער אמונה
ווי זי גייט, צי ווי אייך איז גרינגער.
און איך בין אן אביון, איך דאַרף נישט מער
ווי דאָס ברויט פאַר מיין ווייב און קינדער, און ביי מיר
איז אמונה דאָס לעבן. זאָג איך: משיח איז עבודה זרה.
איך וויל דעם תּיקון דאָ, אויף דער ערד, און קודם —
אין זיך. כ׳האָב נישט מורא פאַר ספיקות און קשיות,
ווייל איך ווייס, אַז דער ענטפער איז דאָ,
אויף יעדן טראָט ערד ווו איך שטיי,
און בין איך נישט זוכה דעם ענטפער צו זען,
ווי עס זעט דער טייך און דער בוים,
דאַרף איך מתקן זיין זיך און די וועלט
ביז מירן קומען צו זייער אָפענעם וויסן.״ (זעזן ז״ז 115—116)

מנחם איז אפשר דער איינציקער אין דער יידישער פּאָעזיע, וואָס גיט אונדז א העלד וואָס איז מורד אין דער משיח-אידעאָלאָגיע בכלל — אָבער נישט צוליב טעמים פון כפירה; נאָר פון צופּיל-פּארטיפּטער רעליגיאָזיטעט. דער גרויסער און עניוותדיקער גייער איבער די שליאכן פון דער געשיכטע וויל אליין דערגיין. ער וויל נישט בלויז בלייבן ביים ראוי זיין דערצו, אז עמעצער זאָל פאר אים ליידן, און דער זעלבער עמעצער זאָל אים דערנאָך דערפירן צו זיין תיקון. ער איז אליין גרייט צו נעמען אויף זיך אלע יסורים, אָבער בתנאי, אז אויך ער אליין זאָל דערגיין ביז צום סאמע שפּיץ פון תיקון מיט די אייגענע כחות. אפילו די העכסטע לייטערונג און גאולה וויל ער נישט באקומען געשענקט ווי א נדבה. פארוואָס זאָל עס בלויז איינער קענען באווייזן?

כאָטש א קול פון די געשיכטע-טיפענישן, דאָס קול פון יונגן „דוחק את הקץ" ר' שלמה מולכו וואָרנט שפּעטער אים:

„פארהוילן איז דער קץ, און דער געזעליקטער וואָס קען
דערזען אים, ווערט ווי א ליכט־פארבלענדטער מאט
ארייגעשלעפּט אין פייער און פארברענט.
דער פּשוטער בן אדם לעבט מיטן געבאָט
צו לעבן. לעבן גיין דורך וואָכעדיקע מעשים
צו הייליקייט, פארשמידן ס'בייז אין חומרות־קייטן,
וואָס אשמדאי אליין זאָל נישט צערייסן,
און צו דעם טאָג פון גאולה א נשמה גרייטן
וואָס זאָל אין אייגן ליכט צעשטראלן ווי א כלה
אנטקעגן חתן, ווען ס'וועט שופר של משיח שאלן."

(זען פריער, ז' 123).

זיין אליין דער דערגייער, אָדער א בלויזע נשמה וואָס רייניקט זיך אייביק נאָר כדי אנטקעגן צו גיין אן אנדערן, משיחן? אין מנחמס „גייער" איז ארויסגעברענגט געוואָרן די נייע דילעמע פונעם משיח-זוכער און רעוואָלטירער. דער רעוואָלט רייסט זיך אפילו פון דער לעצטער טרייסט:

„מיט וואָס האָב איך א הארבע שטראָף אזא פארדינט —
פאר וועלן זען דעם קץ? ווער האָט דען פון געבוירנטאָג

מיט שייטערהויפנס און צעגליטע אינקוויזיציע־צוואַנגען
צעברענט אין מיר דעם דורשט צום זין פון אונדזערע פּיינען?
ווי קענסטו פון קדושים־בלוט דען פאַרלאַנגען
עס זאָל נישט ווערן דורכרייסן די הימלען דיינע?
און וועמעס שולד איז עס וואָס איך, א טויבער און א בלינדער
בין מיט דער זינד פון ווערן דיך דערקענען זינדיק, זינדיק?״
(זען פריער, ז׳ 124).

דער אינקוויזיציע-דור וויל זיך אליין אדורכרייסן, וויל אליין שטיין ביי די הימלען און ווערן דער אייגענער משיח. עס קען נישט זיין? מען ווערט דערביי פאַרברענט? איז וואָס? אויב אפילו דאָס איז א זינד — וויל אזעלכער זיין זינדיק, נאָר זיין. דאָס ציט פון דעם פייערדיק-עקזאַל-טירטן שלמה מולכו ביז דעם קאַלט-באַרעכנטן נח, דער גייער פון איין מדרגה צו דער צווייטער. אפילו צום גנב וואָס איז אָנגעלאָדן מיט ביטערע שאלות האָט דער „גייער״ די זעלבע תשובה:

״ — עס איז דאָ. אויף אלץ וואָס איז פאַראַן איז דאָ אן ענטפער.
אז נישט וואָלט עס נישט זיין. די מקובלים ענטפערן,
נאָר מיר — מיר מוזן וואַרטן ביז די חושים זאָלן קענען
אזוי אריינדרינגען אין סוד פון וואָכעדיקע זאכן ארום אונדז
ווי זיי אין סוד פון דער יצירה, און דער ענטפער
וועט ליגן אויבן־אויף. ס׳הייסט: וואַרטן אויף משיחן.
און ביז משיח קומט? — משיחן דאַרף יעדער איינער ברענגען
פאַר זיך אליין...״
(זען פריער, ז׳ 154).

דער זעלבער „גייער״ הערט אויך אין חלום די טענה פון אן אלישע בן אבויה קעגן א רבי עקיבא וואָס האָט אָפּגעגעבן דאָס לעבן פאַר גאולה און פאַר בר כוכבאס משיחישקייט:

״ס׳איז נישט געווען קיין גאולה... וועג צו גאולה
איז ביי די נביאים, ביי די סופרים, די חכמים,
צו גאולה האָט געפירט דער אלטער יוחנן בן זכאי.״
(זען פריער, ז׳ 203).

באַריישאַס „גייער" הערט אין חלום דעם רעוואָלט קעגן דעם קאָלעק-טיוון משיח, וואָס שפּרייזט בראש פון א מחנה, שטעלט זיך בראש פון א מלוכה און דערלאָזט נישט דעם משיח פון יעדן איינעמס הארץ-שטילקייט באזונדער; אפילו רבי עקיבאן איז ער נישט מוחל פארוואָס ער האָט „אויפן שטערן דעם קופּערנעם פון א סאָלדאט ארויפגעזעצט משיחס קרוין". פאר באַריישאַן איז דער אלטער קאָנפליקט צווישן אלישע-אהרן און די תנאים בלויז א קייט פון דעם „גייערס" ווידערשפּעניקייט. אלישע איז קעגן בר כוכבאס אויפשטאנד, ווייל נישט אזוי זעט ער א משיח און נישט מיט בלוט-מיטלען זעט ער קומען די גאולה:

„ווייל איך האָב אין סאָלדאט
וואָס האָט מיט אָקסיש בלוט און דודס קרוין
אייך אָנגעצינדן, אויך געזען עבודה זרה
און ס'איז ביי מיר די פּלאָג פון דער עבודה זרה
געווען פארהאסטער, ווי די פּלאָג פון שונא'ס יאָך."

(זען פריער, ז' 207).

דער משיח-געוועב איז בלויז איין עטאפּ ביי באַריישאַס „גייער". ער וואנדערט נאָך אויס ביי אלע מינים אידעען, אין צווייטן באנד דערגייט ער אפילו ביז צום ציוניזם, נאָר באַריישאַ איז גענוג קאָנסעקווענט ווען ער לאָזט אים נאָך דאן זאָגן:

„נייע צייטן און נייע פּאָגראָמען,
דארף דער גואל אויך האָבן א היינטיקן נאָמען,
דארף א קראנקער משיח בן יוסף זיך גאָלן די באָרד
און משיח בן דוד זיך האָדעווען ווי א זון ביי א לאָרד.
אפשר דארף מען אזוי — —

אָבער איך, פונעם לאנד פון פּאָגראָמען א ייד,
אויב שוין טראָגן א מעשה פון דור צו דור
אז זי זאָל אמאָל ווערן וואָר —
זייט מיר מוחל מאדאם און מייסטער,
כ'וועל שוין ליבער פארבלייבן ביי דער אייביקער מעשה
וועגן וואָלף מיטן לאם." („דער גייער", באנד צוויי, ז' 435).

אין מנחמס עפּישער פּאָעמע זעט זיך אָן דעם גייערס שרעק פאַר דעם אַרגאַניזירטן משיח, פאַרן באוואָפנטן אויסלייזער און פאַר זיין מאַכט. ווי ווייניק באַריישאָ זאָל נישט באַהאַנדלען די משיח-טעמאַטיק, איז ער נאָך לייוויקן דער פּאָעט מיטן צעווייטיקטן משיח-געפיל, מיטן דערשראָקענעם פאַר די משיח-טריט, וואָס קענען אַמאָל צעשטערן די פאַרשטעלונג וועגן ישעיה׳ס וויזיע פון אחרית הימים.

מיט זיין ווערק „דער גייער״ איז מנחם געוואָרן דער קלאַסיקער פון דעם פּאָעטישן גלות-משיחיזם, וואָס וויל בעסער א שענערן משיח אין חלום, איידער א קאָנקרעטיזירטן — און אויף דער וואָר.

## קאפיטל זיבעצן.

# א. לעיעלעס און זיין משיח ווי א פאָרגייער פון גלותיזם

אין אונדזער דאָזיקער ארבעט וואָלטן מיר נאָך געקענט אויסזוכן עטלעכע לידער מיט משיחישע אקצענטן אין מנחם באָריישאָס שאפן — בפרט נאָך אין זיין לעצטן ווערק „דורך דורות" (פארלאג מתנות, ניו-יאָרק, 1950). אָבער מיר האלטן, ווי א סך ליטעראטור-קריטיקער אגב, אז מנחם האָט בעיקר ארויסגעברענגט זיין קינסטלערישן קרעדאָ אין זיין „גייער". בעיקר איז עס אמת, וואָס שייך זיין פּאָעטישן קוק אויף גאולה און משיח. פון דעם לייוויקישן פּאָעטן-דור וועט נאָך כדאי זיין צו באהאנדלען די דראמאטישע פּאָעמע פון א לעיעלעס [51] „שלמה מולכו" (קלעצקין פארלאג, ווילנע, 1926, זיין צווייטע משיח-דראמע „אשר לעמלען" גייט נישט אריין אין דער פּאָעטישער אָפּטיילונג).

די געשטאלט פון שלמה מולכו האָט באזונדערס גערייצט די אמעריקאַנער-יידישע פּאָעטן. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז דאָס אויך געקומען ווי א באהאלטענער ווילן זיך „אויסצוגלייכן" מיט דער לעגענדע פון קריסטלעכן יעזוס-מארטירערטום. דערפאר האָבן טייל פּאָעטן אונדזערע זייער אָפּט אריבערגעטראָגן קריסטלעכע טערמינען ביים געשטאלטן דעם אזוי יידיש-געלייטערטן מקובל און משיח-עקזאלטאטאָר. שלמה מולכוס געשיכטע און לעגענדע איז מיט א סך פּרטים ענלעך צו דער קריסטלעכער — הגם ער איז גאָר אנטלאָפן פון קריסטנטום צו דער ליכטיקסטער יידישקייט. זיין יונג און ציענדיק געשטאלט, זיין אומקומען, און די לעגענדע, אז ער איז אויפגעשטאנען תחיית המתים — דאָס אלץ האָט געקענט סובלימירן די געפילן וואָס טייל יידישע פּאָעטן האָבן געהאט צום „געקרייציקטן" און זיי איבערגיסן אין יידישע כלים. א. לעיעלעס, אין זיין „שלמה מולכו" האָט

---

51) א. לעיעלעס (אהרן גלאנץ) — געבוירן אין וולאָצלאַוועק, ווארשעווער קרייז אין 1889. געקומען קיין אמעריקע אין 1909. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1910.

דערפאר אפשר צו ווייניק ארויסגעברענגט דאָס ספּעציפיש-יידישע וואָס מיר זוכן אין די משיח-מאָטיוון פון דער יידישער פּאָעזיע. אדרבא, ביז צום סוף פון זיין בולט-משיחישער און דראמאטישער פּאָעמע שטעלט ער אויס זיין בפירושע באאיינפלוסטקייט פון דער קריסטלעכער מיטאָלאָגיע.

די לעצטע ווערטער פון דער פּאָעמע, די ווערטער פונעם קעניג קארל, זאָגן עס נישט ווייניק קלאָר:

״ווער איז דער זיגער דאָ ?<br>
נישט איך.<br>
ווייל איך —<br>
דאָס הארץ פון פּאָנטוס פּילאטוס<br>
איז נישט געווען שווערער, פינסטערער<br>
ווי מיינס אצינד.<br>
כ׳האָב צומאָל נישט יענעמס תירוץ.״

(זען פריער, ז׳ 194).

ובכן איז מולכו דער געקרייציקטער און קעניג קארל — דער שווערערער און אויך ערלעכערער גלגול פון פּילאטוסן ? אָבער דאָס זענען בלויז השפעות. אין תוך האָט גלאנץ-לעיעלעס געוואָלט געבן און טאקע געגעבן א יידיש-משיחישע דראמע. זיין משיח, פארקערפּערט אין שלמה מולכו, האָט אָבער געהאט דעם זעלבן גאנג און שליחות, וואָס דער משיח אין מנחמ׳ס „גייער״ מיט א פערטל יאָרהונדערט שפּעטער:

״דאָס איז דער רוף פון ייד,<br>
דער רוף וואָס גאָט האָט אים געוויילט<br>
צו ברענגען צו די פעלקער<br>
און אָנזאָגן דער וועלט :<br>
ס׳דארף קיינער נישט קיין לאנד,<br>
קיין ווארעמען און אייגן־אָפּגעצוימטן ווינקל,<br>
ווען ס׳טוט די ערד אליין דעם נס.<br>
ס׳וועט זיין ירושלים אומעטום.<br>
נישט פון דער ערד —<br>
פון הימל.״

(זען פריער, ז׳ 192).

נישט אומזיסט איז דער עקזאַלטירטער שלמה מולכו געגאַנגען גיכער צו די וועלט-מלכים און הערשער, זיי מיטצורייסן מיט זיינע משיח-טענער. משיח — איז וועלט, גאַנצקייט, כדור הארץ און איין הימל איבער אַלעמען. עס איז אפשר דער אַלטער נוסח פון רעוואָלוציאָנערן לעכץ נאָך דערלייזונג.

נישט קיין משיח פאַר יידן, נישט קיין אויסלייזונג פאַר איין ווינקל ערד, ווייל דאָרט ווו די גאולה האָט גרענעצן, דאָרט קען זי שוין דערלייזע-ריש נישט זיין. יידן זענען נאָר פון גורל-געפּלאָגטע, דערפאַר קען זייערס א שלמה און זייערס א דוד בלויז זיין דער משיח-טרעגער פאַר אַלעמען. דערפאַר האָט מולכו געמוזט שטעלן אין שאָטן זיין רבין און באַגייסטערער, זיין האר און תלמיד דוד הראובני, וואָס איז קיינמאָל פון זיין ענג-יידישן משיח נישט ארויס — אפילו ווען ער איז געגאַנגען צו מלכים און וועלט-באַפעלער. און ווייל ראובני איז פיקסירט בלויז אויף ריין-יידישער גאולה, קען ער נישט זיין אַזוי הימליש-פלאַמיק און דערפאַר מוז ער זיין אַזוי געצוימט און וויזיע-אָרעם:

„גימטריות — מיר זענען פרעמד די זאַכן.
עס זענען מיינע דרכים נישט די דרכים,
וואָס פון די יידן אין לענדער פון צעשפּרייטונג".

(זען פריער, ז' 53)

דער גלות-ייד, הייסט עס, לעבט מיט וויזיע און פאַרנעם, מיט נביאישער וועלט-גאולה. בלויז ער, דער יידיש-לאַנדיקער און ישראל-פּרינץ לאָזט זיך נישט פירן פון קיין מיסטישע צייכנס. ער איז משיח אין א רעאַלן לבוש. ער איז געהיטן מיט א וואָרט, מיט א טריט, ציטערט פאַר מענטשלעכע מיילער. נאָר מולכו באַווייזט אויך מיטצורייסן די מקובלים פון ארץ ישראל גופא; ווייל אויך צפת איז אין גלות כל זמן פרעמדע הענט הערשן דאָרט און דערפאַר מוזן זיי אויך דערוואַרטן און דערפאַר אויך דערזען די צייכנס פון פאַרבאָרגענע אותיות. איין קייט אָבער פאַראייניקט מולכון מיט ראובנין, דער אַלטער בונד צווישן משיח בן אפרים מיט משיח בן דוד. אָבער אין תכלית מוזן זיי זיך צעגיין. אין זיין העכסטן עקסטאַז פון גלויבן זאָגט עס מולכו קלאָר:

״איר קלאָגט אויף אומגעקומען לאנד!
איר ווילט דעם נישט, דעם הייליקן, באקליידן פון דאָסניי?
אָ, גלוסט דעם קערן, נישט דעם לבוש!
ס׳איז לאנד נישט פלאך פון ערד,
נאָר דאָרט ווו נשמות לויכטן
...צעשטערט דאָס קלייד,
און העלפט אליין צערייסן עס,
און ווען איר וועט דעם גאָרנישט פונקט אזוי דערקענען
ווי ס׳איז באקאנט דער ווייטיק,
וועט איר פון לייב באפרייט זיין,
זיין חכמה, אלוויסיקייט, נשמה נאָר
מחשבה ריינע...
...די אומה ווייסט גאָרנישט פונוואנען,
נאָר זי פארשעמט זיך פאר איר גוף,
און רייסט פון זיך די בענדער אָפּ פון לענד,
און שיילט ארויס זיך פון די נעצן
פון ערדישע, געטיילטע פאסן
און ווערט א פאָלק אָן גוף פון פאָלק״.

דאָ האָבן מיר בולט די „אנטי-ציוניסטישע״ דאָגמע פון א טייל אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן. אָט די אלוועלטלעכקייט פון גאולה אין די משיח-געשטאלט האָט זיך בלויז געהילט אין יידישער אלעגאָריע, אין דער אלט-יידישער פאנטאסטיק. דער זעלבער שלמה מולכו, וואָס האָט זיך צעגליט אין זיינע יידישע רייד, באוויזן ארויפצוהויבן די יידישע נשמה איבער לאנד און איבער פאָלק, וואָס ער סינאָנימיזירט מיט „גוף״ האָט געמוזט צוגעבן דעם צווייטן טייל:

״אזוי (איז) מיט אלע אומות.
בלויז פעלקער אָן דעם גוף פון פעלקער —
אָן ערד
געלייטערטע נשמות אָן קליידער, אָן לייב.
מחשבה ריינע — איין מחשבה

פון אלע — איינע. באנייטער איינס...
אחד!
און ס'פאָלק ישראל —
דער אָנהויבער.
ישראל — געשיקט צו זיין דער ערשטער".

(זען פריער, ז"ז 76—79)

דאָ האָבן מיר דעם גאנצן משיח-פּאָרטרעט פון לעיעלעס פּאָעטישער וועלט. דאָ איז זיין באזונדערער טאָן אין דער משיח-געשטאלטונג. דערפאר קענען מיר נישט ציטירן זיין מעדיטאציע וועגן דעם ווידערשפעניקן המון, וואָס פארלאנגט משיחם קאָפּ. דאָס וואָלט אייגנטלעך נאָר געווען אן אימי-טאציע פון די אנדערע און ענלעכע טענער וואָס מיר האָבן פריער ציטירט.

לויט אונדזער מיינונג קענען מיר דערמיט פאקטיש שליסן די משיח-טעמאטיק ווי אן אָריגינעלער בייטראָגביים דור פון די „יונגע", הגם מען וואָלט נאָך געקענט אויסזוכן געציילטע שורות ביי די אנדערע פון דעם דור. צו דער גרויסער געשטאלטונג איז נישט מעגלעך זיי איינצושליסן און עס איז נאָר מעגלעך זיי צו פארצייכענען אין א ספּעציעלער משיח-ביבליאָ-גראפיע. לשם געשיכטלעכן אמת דארף מען בלויז צוגעבן, אז נישט אָן אומרעכט איז מען זיך נוהג צוצורעכענען מנחם באָריישאָ און לעיעלעסן ווי די דיכטער פון דער גלות-מיסיע און די פּאָעטישע אידעאָלאָגן פון הער גלותדיקער גערעכטיקייט אנטקעגן דער ציוניסטישער וויזיע פון לאנדישער אויסלייזונג.

## קאפיטל אכצן

# י. י. סיגאל און זיין משיח-אידעאל — די אָרעמקייט

דער פּאָעטישער דור, וואָס איז געקומען נאָך די „יונגע" איז שוין כמעט נישט „אָרגאניזירט" געוואָרן — אפילו אין ליטעראטור-געשיכטלעכן זין — אין איין קרייז. מען קען אפשר בלויז אָנווייזן אויף דער גרופּע „אינזיכיסטן" וואָס האָט אָבער כמעט, ווי לגמרי, נישט קאָנצענטרירט איר פּאָעטישע מוזע אויפן משיח-געדאנק אָדער משיחישן חלום.

פון דעם דור איז אפשר, לגבי דער משיח-טעמאטיק אממערסטן כאראקטעריסטיש דער ראפינירט-פאָלקסטימלעכער י. י. סיגאל [52]). זיינע משיח-לידער צייכענען זיך אויס דערמיט, וואָס זיי קערן זיך אום צום פאָלקס-פרימיטיוו און דערביי נוצן זיי אויס אלערליי ליטעראַרישע סטיליזמען און דערגרייכונגען פון דער מאָדערנער פּאָעזיע.

ווען סיגאל זינגט פון אליהו הנביא, האָט ער אפילו נישט מאני לייבס דערוואַרטונג פון „אָרעמען נס" און דאָך ברענגט אים אליהו א דערלייזונג פון גאָר אן אנדער שטייגער:

„ער איז מיין אייגענער, איינזאמער נביא,
אין קעשענע — ניט קיין איין זילבערל גליק,
ער לאָזט ניט קיין זילבערנע לייכטער אין ערגעץ
און קומט זיי ניט אָפּנעמען קיינמאָל צוריק

ער שטייט נאָר — אן אומעטיקער, עלנטער שפּיגל
פאר מיר און איך קוק אין זיין פנים אריין,
און ס'ווערט מיר א ביסל היימלעך — מיין לעבן
פארבלייבן אין שאָטן אין גרוי פון זיין שיין".

(„מיין אליהו הנביא", לידער און לויבן, י. י. סיגאל-קאָמיטעט, מאָנטרעאל, 1944, ז' 40).

52) י. י. סיגאל — געבוירן אין סלאָבקאָוויץ, פּאָדאָליער קרייז, אין 1896. געקומען קיין אמעריקע אין 1923, אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1915, געשטאָרבן אין 1954.

דאָס ביסל היימלעכקייט פון א גואל-געשטאַלט און נביא געפינט ער אין בעש״ט, וועלכן ער באַזינגט אין לאַנגע ציקלען לידער (,,מען דאַרף נאָך היינט א ברכה מאַכן, וואָס ער איז געקומען אויף דער וועלט״) און ער זעט אים אויך אויף די ברעטער פון א חרובער געטאָ. גרויקייט איז פאַר אים טאָן, משיחישע עלעגיע אַריינגעפּאַסט אין דעם צער פון מאָנאָ-טאָנקייט און דאָס שרעקט ער זיך נישט צו סימולירן אין גואל-געזאַנג. אים שרעקן אָפּט נישט די רשעותן און פאַרטונקלען נישט זיין גלויבן אין גרוי, ווייל אַלץ קומט און פאַרגייט. ס׳איז בלויז דאָ א צייט ווען ,,גאָט מיטן שד צעצאָלן זיך״. דער רשע וועט אַמאָל מוזן גלויבן — זאָל זיין ווען ער וועט שוין זיין אַלט און מיד. דאָס איז די גרויע אָבער זיכערע גאַראַנטיע פאַר דער נישט-שיינער דערלייזונג. נאָר פאַר אים איז עס פאַרט גענוג. טרייסט בכלל רייסט נישט אויס די צרה מיטן וואָרצל, נאָר פאַרדרענגט זי אין דער פאַרגעסנקייט. איז ביי אים די גאולה פון טרייסט אויך גענוג. אַזוי שיילט זיך אויס דער טאָן פון זיינע לידער — און סיגאַל האָט אפשר אָנגעשריבן די גרעסטע צאָל לידער אין דער יידישער פּאָעזיע. ער איז דער פּאָעט פון עניוות און הכנעה, וואָס קען גאָרנישט פאַרלאַנגען קיין גאולה און קיין גואל פון דונערן און וועלט-איבערקערערישע בליצן. אפשר וואָלט ער זיך גאָרנישט געקענט איינלעבן מיט אַזא משיח. ציען אים די אָרעמע געשטאַלטן פון למד-וואָוו, פון חסידישע גלות-גייער און אָרע-מאַנסקע צדיקים. ווי קענען זיי גאָר וואַרטן אויף א דערלייזער מיט א משפּט-שווערד און מאַכט ?

,,אָ, דיכטער ! דיר פּאַסט נישט דער מאַנטל פון נביא אויפן באַרג
פון לעגענדע,
נישט דער ראָק פונעם למדן וואָס בייגט זיך איבערן שטענדער,
ניט די טאָגע פון שופט, ניט דער בלוזאָק פון זעלנער מיטן
קופּערנעם קנאָפּ
דיין פּלייצע בויגט שטום זיך אַראָפּ פאַרן זאַק פונעם בעטלער. . .״

(,,אין ריטער טאָן״, זען פּריער, ז׳ 81)

דאָס איז דער טאָן פון א סך לידער ביי סיגאַלן. דאָס איז זיין געמיט אויך אין אָנבליק פון באַפרייערישער פּראַכט, און וואָס איז זיין בעל שם טוב ?

״ווו א ייד א וויסטער און גרויער
מיט א קויש בייגל אויף די יארמארקן,
איז מיינעו׳ א קרוב און א פעטער.
ווו א יידענע ביי א שטעלכל מיט בייגל
פון פרימאָרגן־קילקייט ביז פארנאכט און שפעטער
איז מיינע א מומע״.

(„וואָס טוט א בעל שם טוב״, זען פריער, ז׳ 81)

און וואָס איז מיט פאָלק? מיט משיחן? וואָס איז מיט דער גלות-קללה? דערויף האָט אויך סיגאל זיין אָרעמקייט-געזאנג: גלות אליין איז גאולה...

״מיין פאָלק, דו זאָלסט נישט בויען הויך דיין הויז
און נישט קיין פעסטונג אויף קיין הויכן בארג...
...דערפאר אפשר מיין פאָלק ביזטו אוועקגעגאנגען פון דיין לאנד?
און ביזט אריבער אלע גרענעצן פון דער וועלט,
זיך איינבעטן דאָ און דאָרט א שטיקל מארק
א קלייטל אויפגעשטעלט, א שטעל זיך אויסגעבויט...?
...און דער משיח איז דער אָרעמער קרעמער אויפן קעלער־טרעפ
ווען דער מארק פארהאקט זיין טויער, זיצט ער דאָרט
און קוקט איבערן קוימענדל פון ווייט, וואָס רויכערט ווייסלעד־קלאָר.
און ס׳ווערט אים שטומערהייט באשיידט דער גרויסער סוד...
פארוואָס די ניט־געדולדיקע פארמעסטן זיך מיט גאָט
און לאָזן אין געיעג זיך נאָכן שיינעם, הויכן טאָג,
און דער שיינער, הויכער טאָג אנטלויפט, אנטלויפט —
איאָ, מיין פאָלק?״

(„איאָ, מיין פאָלק״..., זען פריער, ז״ז 125-126)

זיין פאָעטיש-הכנעהדיקן אני מאמין ברענגט ער אויך ארויס אין אזעלכע שורות:

"גאָט הייסט מען זאָל זיך צוגעווינען,
גאָט הייסט דאָס מזל אָננעמען פאר ליב...

ער שמייכלט גוטמוטיק פונווייטנס ווען ער זעט
די אויסגעשטרעקטע, קליינע הענט פון מענטשן:
גיב.
נאָר גיב און גיב,
די וועלט איז זיי צו ווייניק.
גיב אונדז א נביא, גאָט
גיב אונדז א מלך, גאָט.
גיב און גיב". („גיב", זען פריער, ז' 127)

אָדער:

גאָטס הערלעכע בטלנים,
וואָס דארפן זיי?
זיי דארפן נאָר,
אז אויף דער וועלט זאָל גוט זיין,
די וואָלקנס זאָלן רעגענען
מיט ווארעמקייט און ברכה.

...די מיידלעך כלהן זיך
די ווייבער שוואנגערן
און דער לאנגער קאטערינטשיק
מיט א קינדיש, קינדערש מאלפעלע אויף זיינע אקסל
פריילעכס — אויף די קינדער".

(זען פריער, ז' 269)

אפשר דערפאר טאקע האָט דער מעזריטשער מגיד ביי אים אזוי שטארק געוואָלט שרייבן א ספר וועגן אליהו הנביא, אויפגעוועקן גאנצע נעכט — און עס נישט אָנגעשריבן. (ז' 334)

אין הונדערטער לידער זינגט סיגאל אויס זיין אייגענע גאולה; דערלייזט ווערן הייסט: פּראָסט זיין, ווערן דער תמימותדיקער ייד פון אלף-בית. טיילמאָל ווערט ער אפילו שפּאָטיק איבערן גרויסן נביא:

״דער נביא זיצט וויסט און פארשטומט, פארלאָשן,
איז לעבן געבליבן ביים שוועל פון דעם רשע
און לעבט אויף זיין גראָשן, זיין הארטע נדבה.
דער רשע רעדט ווייך און רחמנותדיק־כיטרע:
מיין געטלעכער כלב, מיין הייליקער נביא,
ווערסט זיך אָפּרוען דאָ ביי מיין ווארעמער פריזבע...

...גיי ווידער און קלינג צו דעם פאָלק דיינע רייד
וועגן מיר, מיינע אוצרות און שייערן ברויט
פארהאקט און פארקלאפּט הינטער שטאָלענע קייט.
גיי מוסר און ווייז זיי דעם גערעכטיקן וועג,
און זינג זיי דיין משל פון אקער און זעג...

...קויפט טיפּשימלעך, שיינקייט און וואנדער פון וואָרט...
א מעשהלע־ליד מיט צוויי לוחות אין האנט
א משיח׳עלע־ליד ביי א חרובער וואנט — — —״

(״ספר רשעים״, זען פריער, ז׳ 491)

ער וויל עס נישט. ס׳איז געבאר. גאָט ליגט אינעם קליינעם חלום פון א דאָרף ווו סטאדעס פּאשען זיך. דאָרט ליגט די רו און די גאולה. עמוס אליין וויל זיך אהין אומקערן נאָכן שטורמען אזוי גרויס-נביאיש.

קען זיין, אז דער דורך און דורך יידישער י. י. סיגאל האָט מיט זיין פּאָעזיע פון אָרעמקייט געוואָלט רעוואָלטירן קעגן דער גאנצער משיח-פּאָעזיע בכלל — און דערפאר האָט ער אָנגענומען דעם צווייטן עקסטרעם: אז די וועלט איז די דערלייזונג און אז ייד זיין הייסט משיח זיין. אין איינעם פון זיינע גאָר לעצטע ביכער האָט ער זיך אפילו געווענדט צו די דיכטער:

״אָ, ברידער! איר גארט נאָך נביאים,
און קיין נביאים וועלן שוין מער נישט זיין,
זייער ליכט רוט אין הארץ פון ענויים
ווי אין וויינטרויב דער האָניק פון וויין״.

(״דיכטער״, ספר יידיש, מאָנטרעאָל, 1950, ז׳ 195).

איז שוין אין זעלבן נוסח אויך זיין בולטער משיח-מאָטיוו, בפרט

נאָך דער מיידאנעק-תקופה. משיח אליין גלויבט אין ביאת המשיח אויף אזא שטייגער:

„אני מאמין באמונה שלימה
אז מיין פאָלק וועט אויסהאלטן...
אז מ'האָט מיך נישט אומזיסט אוועקגעזעצט
ביים טויער פון טרויער, א בלוטווונדיקן
בלויז צוליב עפּעס א פּאָעטיש־שיינעם משל
וועגן א טאָג א ליכטיקן, און אייזעלע א ווייס — — —"

מעג אפילו דער יצר הרע אים פארדרייען אין ספיקות, אים שטופּן א קאטערינקע אין האנט און גיין פּראווען מיט אים צוזאמען משיח-שפּאסערייען אין די גאסן. משיח גלויבט ווייטער אין אן אייגענעם גאולה-גלויבן:

„אני מאמין באמונה שלימה
אז מיין פאָלק איז אויסדערוויילט
פון אלע פעלקער און פון אלע וועלטן
צו בייקומען די צייטן די פארטומאה'טע
די תקופות די פארגוואלטיקטע.
און אָרעמער שמש פון א מפולת־שול
וועט מיר קומען אָנזאָגן די גרויסע בשורה
אז מיין פאָלק האָט אויסגעהאלטן
און ראוי געוואָרן לגאולה שלימה

...(איך) האָב דאָס דאָזיקע שטאָליק־שווערע וואָרט
קיינמאָל נישט געקענט דערלערנען זיך, דערקלאָרן
האָב עס געטייטשט מיט אלע הויך פּירושים,
איצט איז עס מיר קלאָר געוואָרן.

...אני מאמין באמונה שלימה
אז די אחריות־שעה די שיינע
קוקט מיר שוין אין פּנים
און אז מיין פאָלק איז שטארק,
אז מיין פאָלק האָט אויסגעהאלטן

און דורכגעגאַנגען גרויס און ליכטיק
דורך דער שווערער פינסטערניש,
דורך דער ווילדער בלינד פון זיינע שונאים״.

(„משיחס געבעט״, זען פריער, ז״ז 226-228)

די פשוטע גאולה, וואָס משיח אליין באַגרייפט ערשט נאָך חורבן היטלער, ליגט אין דעם אויסהאַלטן. אויב ייִדן זענען ווייטער דאָ — איז ווידער דאָ משיח און ווידער איז גאולה אַ זיכערע, אמתע זאַך. דער חלום פון סיגאַלס פּאָעטישן משיח-גאַנג איז אַזוי איינפאַך און איבערצייגנדיק, אַז קעגן אים ווערט בלאָס זיין זעלטענער טאָן פון דעם אַלגעמיינעם משיח, ווי אין זיין ליד „משיח״:

״מיין וועלט פון ווייט־געדעכענישן
אַ רייך און אייביק־באַרוטע,
דאָרט שטייען ווייס־געדעקטע טישן
און וואַרטן אויף משיחס סעודה.
אַז ער וועט קומען ווייס איך זיכער
עס ניגונט דורך מיינע לידער.
פון גאָר אַ גאַנצן דור מיט ביכער
ווערט איין בוך אויסדערוויילט — אַ סידור״.

(זען פריער, ז׳ 503)

די פערזן פון אַלטער משיח-גלויביקייט ציען זיך ביי סיגאַלן אָן פּאָעטישן פייער און בלאַס-אָן-בלוטיק. און עס איז פאַרשטענדלעך: סיגאַלס פּאָעזיע איז פאַרקנסט געוואָרן צו זיין אייגענעם משיח, וואָס איז דערלייזט אין דער אָרעמקייט, אין דער פאָלקסטימלעכער פשטות פון יעדן טאָג. דער גרויסער גערא נגל-משיח פון לייוויק און מנחם האָט באַין אופן נישט געקענט נעכטיקן אין זיינע נישט-איבערצייגטע שורות. זיין משיח האָט זיך איבער דער וועלט נישט געקענט דערהויבן.

י. י. סיגאַל האָט די גרויסע משיח-וויזיע וואָס שטעקט אין די הימלען נישט געקענט דערטראָגן. דערפאַר איז ער גרויס, ווען ער האַלט זיך ביי דער פאַלע פון זיין „קליינעם״ משיח פון אָרעמען לעבן און צאַפּלדיקן טרויער. דערמיט האָט ער באַוויזן זיין אייגנאַרטיקן חלק אין דער משיחישער פּאָעזיע.

קאַפּיטל ניינצן

# אהרן צייטלין און זיין משיח ווי א קינד פון געלייטערטער טומאה

פון זעלבן דור׳ס טראכט האָט די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע א צווייט דיכטער-געשטאלט, וואָס איז דיכטעריש דער צווייטער עקסטרעם פון י. י. סיגאל. אויב דער לעצטער האָט פּאָעטיש זיך געוואָלט אויסרוען און מיט-ציען אויך משיחן אין דער שטילער שויס פון דאָ-וועלטיקער רו פון פּשטות — איז אהרן צייטלין[53] דער דיכטער, וואָס איז מיד פון קלענסטן שטויבעלע דאָאיקייט און ציט זיך מיט אלץ צו די הימלען. זיין גאולה און זיין משיח זענען שוין בלויז איבערערדישער אינטעלעקט, בלויז קאָמפּליצירטער גערא־נגל אין עולמות. אייגנטלעך קען מען אין אלע לידער צייטלינס באַגעגענען דעם גאולה-מאָטיוו און דעם קבלהדיקן דראנג צו אויסלייזונג, אויב אפילו ער זינגט לכאורה וועגן פּרוי אָדער וועגן בערג, נאָכמער אָבער קומט עס צום אויסדרוק ביים צעפּייערן זיינע גואל-חלומות גופא. צייטלינס וועלט איז אייביק פול מיט דעם גערא־נגל צווישן ביידע כחות: גוטס און שלעכטס. אָבער דער גערא־נגל הויבט זיך אָן אין די קעלערן פון דער וועלט און ציט זיך ביז ווייט אין די הימלען. עס איז באמת שווער צו מאכן דעם אויסוואל מיט וואָס צו כאראקטעריזירן זיין אייביקע ליד-מיסטעריע. וועלן מיר זיך דאָ באַגרענעצן צו די בולטע משיח-טענער אין זיינע צוויי בענדער געזאמלטע לידער (פארלאג מתנות, ניו-יאָרק, 1947). צייטלינס קרעדאָ ציט זיך אייגנטלעך איבער א סך ווערק זיינע:

„זיין א ייד הייסט אייביק לויפן צו גאָט,
אפילו אז מ׳איז אן אנטלויפער;
דערוואַרטן צו הערן א ליאַדע טאָג

53) א. צייטלין געבוירן אין אוווראַוויטש, האָמליער קרייז, ווייסרוסלאנד אין 1898. געקומען קיין אמעריקע אין 1939, אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1914.

(אפילו אז מ׳איז א כופר)
ס׳קול פון משיחס שופר.

זיין א ייד הייסט נישט קענען ארויס
אפילו אז מען וויל עס (פון גאָט)
ניט קענען אויפהערן תפילה צו טאָן
אפילו נאָך אלע תפילות,
אפילו נאָך אלע אפילוס״.

(„זיין א ייד״, ערשטער באנד, ז׳ 47)

אויך כופרים הייסט עס, ווארטן טאָג און נאכט אויף משיחן, אפילו ווען זיי ווילן נישט, אפילו ווען זיי ווייסן נישט, אז זיי ווארטן און אפילו ווען זיי דערקענען נישט זייער אייגן ווארטעניש. אויב זיי זענען יידן, זענען זיי משיח-דערווארטער אין אלע געשטאלטן און אונטער אלע מינים גלגולים. ווו זשע קען מען אלץ נישט אַנטרעפן משיחן? און וועלכע געשטאלטן האָט ער דען נישט? פאר צייטליבען איז נישטאָ קיין צער, קיין שרעק, ווען עס זעט זיך אויפן האָריזאָנט דער סוף פון אלע סופן. אין זיין חורבן-משיחדיק ליד „הויך איבער די שלאכטן״ דערזינגט ער זיך צו א פאראדאָקסאל געזאנג:

״הויך איבער די שלאכטן, פון דעם עולם תחתון,
הויך איבער דעם מענטשנס בנין דעם צעקראכטן,
הויבט זיך די געשטאלט פון א מלאך א פארטראכטן
א בלויען ווי פארנאכטן.

אלע גרוילן פארנעמט ער, דער מלאך דער פארקלערטער,
טויט פון מיליאָנען זעט ער, געשריי פון מיליאָנען הערט ער,
נאָר אז ער קוקט צום סוף, רעדט ער אויס צווויי ווערטער:
ס׳איז גוט״.

(זען פריער, ז׳ 75)

דווקא דער טייוול קוועלט: ס׳איז שלעכט! נאָר דער בלויער מלאך קוקט אריבער איבער אלע חורבות צום סוף און זאָגט זיין „ס׳איז גוט״. הייסט עס, אז דערזען דעם סוף הייסט טרייסט, הייסט היילונג, הייסט בטל מאכן אלדאָס געשעענע און עס ארייננגיסן אין דעם סוף אריין. איז דאָס

געגנוג מאַגיק אויף צו באַווירקן און ארויסרופן די סוף-עמאָציע פון א משיחדיקייט? און קען דען דער אונטערשטער ייד אָטעמען דערמיט וואָס דאָרט זעט א מלאך דעם סאמע לעצטן סוף? דער היינטיקער ייד קען עס נישט זען און קיין נביא האָט ער אויך נישט:

"עס ווארט די שכינה ביים כותל מערבי,
נאָר מיר זיצן ביים קריסט און עסן זיין מיסט.
און טאָמער ווערט אונדז געבוירן א נביא
גייט ער און ווערט א זשורנאליסט".

(„מיר, יידן היינטיקע",
זען פריער, ז' 125)

דאָס קבלהדיק-פייערדיקע און דאָס בייסיק-סאטירישע גייט נישט זעלטן ביי צייטלינען געפּאָרט אין זיין גאולה-טעמאטיק. עס איז אלע מאָל ביי אים פאראן דער צוריקבליק צו דער קליינער וועלט, נאָכדעם ווי ער האָט זי געפּרוווט א שלעפּ טון צו די העכסטע היכלות. דער גאָט-אדורכגענומענער צייטלין שרייבט אזא משיח-ליד:

"פון די צוקונפט ארויס,
פון אחרית הימים ארויס,
קוקן מיך אָן;
א פריילעכער וואָלף,
א הייליק שעפּסעלע,
א לעמפּערט, וואָס זיין הויט
ברענט מיט קאָלירן פון גן עדן,
א קעלבל, וואָס מיט אים באנאנד
שפּאנט א יונגער לייב באשיידן.

... פארוואונדערט
הערן זיי מיך ריידן:
צוליב אייך האָט עס גאָט געדארפט
ישראלס פּיין און פּאניק?
צוליב אייך האָט מען עס געדארפט
בוכענוואלד און מיידאנעק — — —

לעג לרש איז דער סוד!
פארלענדט ווער, אחרית הימים!״

(„אחרית הימים״, זען פריער, ז׳ 137)

עס בלייבט אַן אחרית הימים פארן וואָלף און פארן שעפסל, פארן לייב און פארן קעלבל. קען דאָס זיין דער סוד פונעם סוף? בעט ער אפילו זיין תפילה:

״פארגעס, אז איך האָב געהערט
צו דיין געשאָכטן פאָלק ישראל,
אז פאר מיר אין די אויגן
האָסטו אויפגעריסן דריי טויזנט יאָר

...פארגעס דעם חשבון פון מיינע גלגולים
און יאָג מיך נישט פון תיקון צו תיקון
איבער די ברענענדיקע בריקן,
וואָס פירן צו דיין אחרית הימים.

לאָמיך קיינמאָל נישט געדענקען מער טרעמבלינקע
און פארגעסן אַן גאולה״.

(„תפילה לאהרן״, זען פריער, ז״ז 147-149)

אָבער זיינע לידער פון די קריגס-יאָרן זענען פול מיט אנונג, מיט אָנזאָג, וואָס דארף נישט קיין ראיות און קיין געשטאַלטיקונג. אין זיינע משיח-לידער (און זיי הזרן זיך איבער גאָר אָפט) זאָגט צייטלין בלויז אַן קורצע בשורות, וואָס אין די בלויזע ווערטער אליין דארף ליגן די מאגיק פון איבערצייגונג:

״צעשאָסענער בוים
געהאָנגענער מולד.
אונטן אין טאָל
ליגט ס׳שטעטל געקוילעט,
און אויפן טראַקט —
משיח בן יוסף

אויף שטיקער צעהאַקט
עורי צפון
ובואי תימן
עס שטייען אָפן
די אויבערשטע הייַמען.
א וועג פון היכלות —

הויכע היכלות — צו בלוט און געוויין
פירט צום גלות, משיח בן דוד לאָזט זיך גיין".

(„יידישע לאנדשאַפט", זען פריער, ז' 207)

אָבער דער משיחישער צייטלין פון פאַרן חורבן האָט געזוכט משיח-געשטאַלטיקונג. אין זיין קבלה-פּאָעמע „יוסף דילה-רינה" (באַנד 2, ז"ז 327-363) רופט יוסף דעם גואל דורך א מנין תפילין-באַקרוינטע קעפּ; ער איז אפילו צופרידן וואָס כל המינים חיות לאָזן זיך אנטקעגן, בילן... א סימן, אַז זיי דערשפּירן זיין קומען. ערגער איז ווען זיי ווערן נעלם. קומט ער נישט מער? און עס איז גוט וואָס לילית קומט אַנצולויפן. אוודאי וויל זי זיך ראַטעווען, נישט הערלאָזן זיין אָנקום. דילה-רינה איז גרייט צו דער שלאַכט. דאָס איז אַלץ גוט ווען לילית קומט ווי די, וואָס וויל דערשטיקן משיחן. וואָס טוט מען אָבער ווען זי גאָר וויל תיקון, וויל זיך באַהעפטן אין דילה-רינהן? וואָס טוט מען ווען זי וויל, אַז דער מקובל זאָל באַצווינגען איר אומריינקייט און אַז זי וויל גאָר זיין די מוטער פון משיחן? דאָ פאַרבלאָסן די „שפּיזן פון יחידים" און די צירופים פון שם. לילית באַזיגט נישט דעם מקובל דורך געראנגל קעגן זיין קדושה, נאָר דערמיט וואָס זי וויל זיך איינגלידערן אין איר.

די מעכטיקע קבלה'ש-צייטלינדיקע פּאָעמע האָט איין גרויסן וואָרע-נונגס-געשריי: ווו משיח באַווייזט זיך, וויל די לילית-טומאה ווערן מאַמע פון גואל — און ווו טומאה ווערט שותפות צו גאולה, העלפן מער נישט אַלע הייליקע כוונות און דער תהום מוז זיך צעעפענען. אין צייטלינס פּאָעמע טרויערט דערויף אפילו לילית הטמאה אליין:

"וואָס גיסטו מיר? חטא?
משיחן וועלן מיר נישט געבוירן!
אונדזער קינד וואָלט געווען א שרעטל
וואָלט געווען א טכוירל!
נישט בעטל
מיין אָפּגרונט וועסטו נישט פאַרשיטן,
מיין וווּנד — נישט היילן

אויפהייבן קענסטו מיך נישט —
ווילסטו כ׳זאָל מיין תהום מיט דיר טיילן?״
(„דילה-רינה׳ס טויט״, צווייטער באנד, ז׳ 35)

אן אומהיימלעך-גראנדיעז בילד פון דער טומאה׳ס תשובה און איר שותפות צום משיחישן אחרית הימים האָט בלויז צייטלין אויסגעצויבערט און דערמיט צוגעגעבן א נייעם „ביאָגראַפישן״ פרט צו דער משיח-געשטאלטונג אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע.

---

קאפיטל צוואנציק

## דער אומקער צום נישט-פראָבלעמאטישן משיח

ביי א גרויסע צאָל אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן איז די משיח-רעאקציע נישט געווען קיין דירעקטע. זי איז נישט געקומען אזוי ווייט פון דער בענקשאפט צו דער אויסלייזונג גופא, ווי פון דער שרעק פאר דער נישט-דערלייזטער וועלט. דערפאר איז זייער משיח-טאָן שטענדיק פייערדיק-אָנגעשטעלט אויף די זינד פון דער וועלט, איידער אויף דער גאולה-וויזיע גופא. דירעקטע משיח-טענער זענען אין דעם נייסטן דור אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן זייער אָרעם. אפילו אזא געאיבטער פּאָעט ווי נ. ב. מינקאָוו[54] גיט דאָ בלויז צו האלבע טענער, וואָס קענען אפשר אויסדריקן א טונקעלע שרעק, אָבער נישט קיין פארביקע ראנגלענישן:

„ — הערסט ניט די בשורות פון די פלעדערמייז?

— איך זע זיי, נאָר איך קען זיי ניט דערהערן.

— זיי זאָגן אָן: מען גרייט דעם אָרון

ווער? פאר וועמען? צוליב וואָס?

— מען גרייט דעם אָרון פארן גואל.

— איז דען פאראן א גואל?

— די סטרא אחרא האָט איצט אויפגעכאפּט דיין קול

— ... זאָג, וואָס הערסטו איצט אין דער נאכט?

— איך הער נאָך אלץ די קלעפּ פון ארום דעם אָרון

— און איך הער ווי ס'ווערט די שווערד געשמידט אין אקעראייזן".

(„א שטערן בליט", מ. וואקסער-פארלאג, נ. י.-מעקסיקע, 1952, ז' 77)

אָדער די אנטוישונג אין יעזוס-אידעאל, ווי א באפרייער און דערלייזער:

---

54) נ. ב. מינקאָוו — געבוירן אין ווארשע אין 1893, געקומען קיין אמעריקע אין 1914. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1917.

"אויף אש און שטויב איז מיין לעבן און מיין טרוים צעשאָטן
עס לאכט זיין בלאָנדער זיפּץ אין מיר
ווי שיין ער זיפצט, ווי הערלעך הויבן זיך די אויגן צו דער זון
און נאָכדעם קומט זיין הארץ,
זיין ליידנד הארץ פון אויסלייזער
און מעגי איז אוועק מיט אים".

"מיין גאָט, פארוואָס האָסטו מיך פארלאָזט"?
נעם אויך דאָס ביסל גוף וואָס כ'האָב אָפּגעשניטן פון מיין זעל...

... ניט מיט פייער, מיט לידער שפּייט דאָס מויל פון זיינע ליגנס
פלייצט געשטאנק צו מיינע שווארצע שנייען...
ווי א קעצל האָט ער אָפּגעגעבן אלץ
וואָס ס'האָט די וועלט דעם אויסלייזער געגעבן."

(„אונדזער פּיעררא", פארלאג „יידיש לעבן", ניו-יאָרק, 1927, ז' 20).

אויך די אנדערע, וויניקע משיח-לידער ביי מינקאָוון זענען פון דעם מין. נישט איבעריק וויזיאָנעריש איז אויך דעם אויסלייזערס בילד ביי אזא פּרוֹכטבארן דיכטער ווי מלך ראוויטש [55]:

"זי האָט א טאטן און א מאמען געהאט
נאָר די וועלט האָט זי געפינען אין גאס
און ביינאכט.
אז זי איז געוואָרן זיבעצן יאָר
האָט מען פון איר א דינסט געמאכט...

און ער אליין, דער "אויסלייזער פון דער וועלט"?
צו זעקס חדשים האָט ער גערעדט
און ברויט געגנבעט צו צען
און צום יאָר איז ער איבער דער וועלט אוועק

55) מלך ראוויטש — געבוירן אין רעדים, גאליציע, אין 1893. געקומען קיין אמעריקע אין 1934. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1909.

און מ׳האָט אים מער ניט געקענט זען״.

(„קאָנטינענטן און אָקעאַנען״,
ווארשע, 1937, ז׳ 356)

און אזא פּאָעט ווי נפתלי גראָס [56]), וואָס זינגט שוין וועגן משיחן תפילהדיק-צארט, קען אים אויך מער ווי זיין שטילקייט נישט געבן:

״ער קומט א לויטערער פון ווייט צו גיין
זיין אויסזען, שלאנק און בלייך, זיין בליק איז ריין
און ווו ער קומט, דאָרט ברענגט ער מיט זיך
די אויסלייזונג, די שטילע רו און פרייד
ווער קאָן פארנעמען זיינע יונגע טריט,
וואָס הערן זיך ווי א פארקלונגען ליד
צווישן טאָג און נאכט?
ער קומט, זיין טראָט איז לייכט און גרינג
און ווי א יונגער הירש, געשיקט און פלינק
זיין טראָט איז לייכט, ווי ס׳פאלן פון צווייט
אז ווייל איז דעם, וואָס קען פארנעמען זיינע טריט״.

(לידער, ניו-יאָרק, 1920, ז׳ 68)

אויך די אנדערע לידער זיינע זענען בלויז נאָכטראַכטונגען פון אלטע תנ״ך-אלוזיעס. עטוואָס אייגנארטיקער איז שוין א. ניסנזאָן [57]) אין זיינע יאוש-שטימונגען:

״אז ווויי איז אונדז אלע
מיר האָבן אליין דאָך דעם גהינם איבער די קעפּ געצויגן
מיר זיינען אליין דאָך געגאנגען אין אָפּגרונט מיט אָפענע אויגן
מיר אליין דאָך האָבן באגראָבן פון דורות די רו און די פריידן
איצט וועט ניט העלפן קיין וויינען, שוין נישט העלפן קיין ריידן...

---

56) נפתלי גראָס — געבוירן אין קאָלאָמיי, גאליציע, אין 1897. געקומען קיין אמעריקע אין 1913. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1916.

57) א. ניסנזאָן — געבוירן אין טשעפּעלי. מינסקער קרייז אין 1898. געקומען קיין אמעריקע אין 1911, אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1914.

איצט גייען מיר אום ווי אן אבלים־דור פון פריצייטיקע זקנים און שילטן אי זיך, אי דעם צווייטן, גאָט און דעם טייוול איינינעם איצט זענען מיר אלע, אָן אויסנאַם, געוואָרן א דור פון נביאים וווּ נאָר דו קערסט זיך — א נביא; ווו נאָר דו טרעטסט — א משיח

...אונדז וועט שוין קיין נביא ניט טרייסטן, קיין משיח דערלייזן!״

(„מעטעאָרן״, ניו-יאָרק, 1925, ז׳ 55)

אָבער ווען ער דערשלאָגט זיך צוריק צו דער משיח-אמונה קומט כסדר דער איבערגעחזרטער מאָטיוו:

״עפנט אויף די טירן אלע
עפנט אויף די טויערן
ריזן־ווענט וועט ער צעוואַרפן
ברעכן וועט ער מויערן

האָבן מיר געבענקט ווי קינדער
און געבענטשט זיין נאָמען
ער וועט קומען, קומען, קומען
אָמן, אָמן, אָמן!״

(דאָרט, ז׳ 18)

אָדער:

״זינג ערד, מיט לונגען מיט פולע
עס קומט א טאָג פון לויטער גוט;
דאָס גרויסע געוויין פונעם בלוט
האָט זיך דערוויינט צו גאולה

...איז וויל אייך, ליכטיקע דורות
פון פריערס, פון אלע ביז היינט
איר האָט מיט לייבער־מנורות
די נאכט פון געשיכטע באשיינט״.

(„אין צדיקים טריט״, ניו-יאָרק, 1950, ז׳ 8)

און:

„שטעלט אָן די אויערן
די הערצער שטעלט אָן
דורך טירן און טויערן
משיח קומט אָן

פארנעם דאָס גערודער
געפלאטער, געבענטש
מיין ליכטיקער ברודער
מיטן צונאָמען מענטש".

(זען פריער, ז' 85)

און אפילו דער משיח-אדורכגעפילטער אברהם טווערסקי[58]) זינגט:

„גרויסע לומדים חשבונען דעם כמות
רש"י ווייסט דעם קץ און וויל נישט זאָגן
ניט מגלה זיין אים
מגוגן און גוגן
ס'וועט די ליכטיקייט פון גרויסע טאָגן
אזש פון צפת א בלענד טון צום גלות
אויסצולעשן זיך, ווי ס'לעשן זיך הבדלות
...ס'וועט פון תהום ארויס פון אלע ת"ח'ן
ווי א נס א שטילער
זיך אנטפלעקן
א פארהאָרעוועטער פאסטעך מיט א שטעקן
ער וועט ריידן שטילערהייט
און וועקן אייגן דור
די דורות אין די וועגן
צוצוהערן זיך צום מעזשיבעזשער ניגון".

(„משיחן אנטקעגן", נ. י., 1946, ז"ז 103-106)

---

58) אברהם טווערסקי — געבוירן אין לאָיעוו, מינסקער קרייז אין 1903. געקומען קיין אמעריקע אין 1937. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1923.

בלויז א בענקשאפט, אז משיח, דער פאסטעך, זאָל אויפהיטן דעם חסידישן ניגון. אָט איז נאָך א מוסטער פון דער פּאָעזיע פון דעם „אקצעפטירטן משיח״:

״נאָר איין קרוין זע איך לייכט ווי זיבן זונען
אויף קאָפּ פון א מלאך, א מיט ליכט באהויכטן
פאר ווּעמען? האָב איך פרעגן זיך געפינען
״פאר מלך דוד״ ענטפערט ער באלויכטן.

...איך זע ווי דוד קומט פאָרויס, דער מלך
זיין קרוינונג ווּעט אונדז אלעמען באלוינען
און הינטער אים, אזוי פיל קרוינען צייל איך
נאָר זיינע שפרייט ליכט מער ווי אלע קרוינען״.

(„מארק שווייד [59]), אלע פּאָעמעס,
נ. י., 1951, ז״ז 286-295)

אלע לידער פון אָט דעם מין נעמען אויף א פארטיקע אמונה און אלע פארטיקע בילדער פון א משיח מיט א קרוין, אָדער ווי א פאסטעך מיט א שטעקן, וואָס באווייזט אלץ, קען אלץ און ווּעט אויך פארווישן און אָפּמעקן אלע צערן. נישטאָ אויף אים צו פרעגן קיין קשיות, נישט זוכן ביי אים זיין מהות. אזוינע לידער זענען אפשר די בעסטע רעאקציע קעגן די איבער-שארפע חקירות און סימבאָליזירן א מידקייט פון פלאָנטערן זיך און פארסמען דעם אייגענעם חלום. משיח איז גוט אזוי ווי ער איז. וואָס ער ווּעט נאָר טון מיטן ארום און מיט אונדז — בלייבט ער באגלויבט. נישט מיר ווּעלן באשיידן זיינע ספיקות, נאָר — ער אונדזערע. דארפן מיר זיך בלויז איינטוליען אין זיין פאנטאסטישער שויס און אויסגעלייזט ווערן יעדעס מאָל ווען ער קומט אונדז צו חלום. דאָס איז אזוי-ארום דער נייער אומקער צו דעם נישט-פּראָבלעמאטישן משיח.

---

59) מארק שווייד — געבוירן אין ווארשע, אין 1890. געקומען קיין אמעריקע אין 1911. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין זעלביקן יאָר.

קאפיטל איין־און־צוואנציק

## משיח ווי אן אייביקער חלום

האָבן די אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן ערגעץ דערפּירט דעם משיח-טרוים פון אונדזער צייט? דוכט זיך, אז די שטימונגען פון משיח-יאוש, פון משיח- פּרימיטיווקייט און רעוואָלט אין דער וועלט האָבן געפונען זייערע פּערזן ביי די יינגטצייטיקע פּאָעטן, און מיר וועלן ציטירן בלויז צוויי דיכטער, אן עלטערן און א יינגערן. דער דיכטער פון רייזען-דור, דוד איינהאָרן[60] אין זיין ליד „משיח" דערפירט די גאנצע גאולה — צו אויסלייזונג אין חלום:

„עס קלינגען די קייטן ביים טויער פון רוים,
דאָרט זיצט ער מיט אָפענע ווונדן.
זיי וויטיקן, קינד מיינס מיט אונדזערע לייד
און ווערן נישט קיינמאָל פארבונדן.
און טויזנטער יאָרן פארגייען אזוי
אין שטילע יסורים ביים טויער
און טיף אין אים קלייבט זיך דער אייביקער ווי
און ס'וואקסט אלץ דער אייביקער טרויער.
נאָך תשעה באב, ווען ס'קומט האלבע נאכט
און פול ווערט מיט רחמים דער הימל
דאן פאלן צוויי שטערן אראָפּ און ער ווערט
פארוויגט אין הייליקן דרימל.
דאן נידערט די שכינה אראָפּ אויף זיין קאָפּ
און קושט אים מיט ליבע דעם שטערן
און טרייסט אים און ווייזט אים די גאולה אין טרוים

60) דוד איינהאָרן — געבוירן אין קארעליטש, מינסקער קרייז אין 1886. געקומען קיין אמעריקע אין 1925. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1904.

און ווײנט מיט באַהאַלטענע טרערן״.

(געזאַמלטע לידער, ניו-יאָרק, 1952, ז׳ 24)

און אין דער ווירקלעכקייט? דערויף האָט אײנהאָרן דעם זעלבן רעפרײן אין אַלע וואַריאַציעס:

״פּאָרויס איז גאָרנישטאָ, דער וועג וועט זײן אומענדלעך
באַהאַלט זיך ערגעצווו און גיב זיך אָפּ דײן טרוים
נישט וואַרט אויף אים... ער וועט צו אונדז נישט קומען
דערשלאָגן ליגט ער בײ די טויערן פון רוים — — —״

(ז׳ 211)

אָדער:

״א צער פון טויזנט דורות ליגט אויף מיר
די גרויסע פּײן געשטעמפּלט האָט מײן שטערן
מײן טײערע, ווער ווייסט צי איך וועל ווען
דעם שופר פון מײן דערלייזונג הערן״.

(ז׳ 210)

דאָס הייסט אָבער נישט, אַז די גאולה אין חלום איז צו ווייניק און דערפאַר דאַרף מען זי אויפגעבן. דאָס טרוימען אַליין איז גענוג „משיח״ פאַר אים.

״מײן פאָלק, וואַרטסט אויף דײן אויסלייזער צוואַנציק יאָרהונ-
דערטן
שטייט זי, די וועלט מיט א בליק א פאַרוווּנדעטן...
שטורעמסט אין צוקונפטן און בלײבסט אין פאַרגאַנגענעם
שקלאַף אין דער פרײהייט און פרײ אין געפאַנגענעם...
קענסט זיך דערהויבן צו הויכן אומענדלעכע
און נידערן פלוצים אין אָפּגרונטן שענדלעכע...
לעבסט מיט דער רגע און קוקסט אין דער אייביקייט
קעמפסט מיט דײן גאָט און שטאַרבסט אין זײן גלויביקייט...
נײן, ניט פאַרבײטן וועל איך אויף אַן אַנדערן
פאָלק מײנס, דײן גורל — און מעג איך נאָך וואַנדערן
טויזנט יאָר

צווישן חלום און וואָר — — —"

(ז' 266-267)

נאָך מער שארפן זין דעם משיח-טרוים האָט געגעבן דער אָנגעזועענער פּאַרשטייער פון אונדזער יונגער פּאָעזיע, יעקב גלאטשטיין [61]. זיין משיח-ליד איז די גלויביקייט אין אַנבליק פון יאוש, און האָט זיך נאָך אָנגעהויבן מיט זיין געבן א גט דער גרויסער, נישט-יידישער וועלט:

"א גוטע נאכט, ברייטע וועלט
גרויסע, שטינקענדיקע וועלט
נישט דו, נאָר איך פארמאך דעם טויער

א גוטע נאכט, ברייטע וועלט
אלע מיינע באפרייער
נעם צו די יעזוס, מארקס, ווערג זיך מיט זייער מוט...
און איך האָב האָפן, אז כאָטש ער זאמט זיך
גייט אויף טאָג איין טאָג אויס מיין ווארטן.
ס'וועלן נאָך רוישן גרינע בלעטער
אויף אונדזער בוים דעם פארקווארטן
איך דארף קיין טרייסט נישט.
איך גיי צוריק צו די ד' אמות
פון וואגנערס געץ־מוזיק צו ניגון, ברומען
כ'קוש דיך, פארקאלטנט יידיש לעבן
ס'וויינט אין מיר די פרייד פון קומען".

(אנטאָלאָגיע, „לידער פון מלחמה",
ניו-יאָרק, 1943, ז' 107)

גלאטשטיינס אָנזאָג פון אומקער צו יידישקייט איז געווען פול מיט פארצווייפלטער באגייסטערונג:

"כ'וואלגער זיך אין דיין מיסט
לויב, לויב, לויב

---

61) יעקב גלאטשטיין — געבוירן אין לובלין אין 1896. געקומען קיין אמעריקע אין 1914. אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1919.

צעהויקערט יידיש לעבן
חרם, וועלט
אויף דיינע טריפענע קולטורן
כאָטש אלץ איז פארוויסט
שטויב איך זיך אין דיין שטויב
טרויעריק, יידיש לעבן״.

זיין אמאָליקע גואל-קרעדאָ איז געוועזן א פייערלעך-האָפערדיקע:

״מעג די זון פארברענען דאָס ביסל גרינס אויף אונדזערע פעלדער
מעגן בליצן פארלענדן דאָס געהילץ אין אונדזערע וועלדער
מעג די צייט צעבייטשן ביז בלוט אונדזערע לייבער
מעג א בייזער רוח פארשעלטן די טראכט פון אונדזערע ווייבער
פון אונדזער זאָמען וועט ער קומען,
ער וועט קומען.
אונדזערע קראנקע און שוואכע וועלן שטארבן
אָבער אויף די פגרים וועט ער שטייגן
און דערקלעטערן
און צעשמעטערן
דעם הימל־יסוד״.

(„יעקב גלאטשטיין״, ניו-יאָרק, 1921, ז׳80)

דער משיח-אקאָרד פאר אונדזער דור איז שוין ביי אים אריין אין א צווייטער שטימונג:

״לאָמיר זיין שפאָרעוודיק מיט מאָנומענטן
זאָל דער גרעסטער דענקמאָל געשטעלט ווערן
דעם פשוטן ייד, דעם נישט־דערקענטן...
ווייסט איר וואָס משיח זאָגט?
דער וואָס מ׳האָט אים מער נישט געהאט
קיין כח אויסצוהאָפן, אויסצוווארטן
דער וואָס איז באין ברירה
געוואָרן א ייד ווי אלע
און אומדערקענט גענומען שפאנען.

ווייסט איר וואָס ער זאָגט ?
ער לאכט מיטן גרעסטן געלעכטער
זייט א בריה און דערקענט אים איצט, דעם משיח !
ווי ער האָט זיך אויסגעמישט מיטן גאנצן, גייענדיקן פאָלק
ציילט דעם באזונדערן, דעם פשוטן ייד
אפשר איז ער משיח ?
אפשר איז משיח צעגאנגען
ביי אלע פשוטע יידן אין די ביינער ?

...דעם אמתן מאָנומענט דארף מען האלטן פארן ייד
וואָס איז גאנצע צוויי טויזנט יאָר
געווען א ייד אין זיין טאטן
אין זיין זיידן, אין זיין קינד
א ייד וואָס האָט געגעסן,
געטרונקען דעם גאנצן צער
פון אן אָפּגענארטן משיח
וואָס קיינער האָט זיך אויף אים ניט דערוווארט
וואָס איז זיך צעגאנגען
און איז אריין אין פאָלק
ווי נאציאָנאלער האָניק".

(„דעם טאטנס שאָטן", ניו-יאָרק,
1953, ז"ז 139-141)

אייביקער חלום, אָדער א משיח וואָס איז שוין געקומען דורך זיין נישט-קומען; א משיח מיט דער גאנצער פּראכט, וואָס באווייזט זיך נאָר אין פארטרויימטן צער, אָדער א צעשווומענער, אויפגעלייזטער משיח אין די געמיטער פון פשוטע יידן, אלטע ווארטער און צוויי טויזנט יעריקע מאָנומענטן ?

אלטער ראָמאנטיזם און יונגע צעברויזטקייט פון נאָך-היטלער-גלויבן האָבן דאָ געפּרווט זאָגן די לעצטע ווערטער צום משיח-מאָטיוו. צי איז דאָס אָבער דאָס לעצטע וואָרט פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע

ווענן דעם משיח-לעכץ? צי איז דאָס דער פּאַררונדיקטער סך-הכל, אָדער עס שמידן זיך נאָך ווייטערדיקע ריננען פון דעם פּאָעטישן משיח-טרוים אין די שרייבערישע באהעלטענישן?

דאָס קומט נאָך אויס אָפּצוענטפערן. אָבער די זיגזאַגן פון יידישן געזאַנג איבער משיחן האָבן שוין ביז איצט געשאַפן זייער באַזונדער קאַפּיטל. ביים צונויפנעמען זיי קען מען זען בולט, אַז די אַמעריקאַנער-יידישע פּאָעזיע האָט זיך פון דעם היסטאָריש-יידישן חלום כמעט קיינמאָל נישט באַפרייט און אַלע מאָל אים אַנטקעגן-געגאַנגען מיט אויסגעשטרעקטע הענט...

---

# נאָכוואָרט

## א.

דער משיחיסטישער געדאנק האָט אין אונדזער צייט באקומען א נייע פאָרם, וואָס האָט זיך קרישטאַליזירט אינעם מדינה׳שן אויפלעבונגס-געדאנק. אונדזער מאָדערנע צייט האָט אויך באוויזן אויפצוזאמלען גייסטיקע אידייען און חלומות אין די קאָנקרעטע ראמען פון וויסנשאפט. דורך אלערליי וועגן און אומוועגן האָט די משיח-מסורה אויך געפונען א פראָגראם, ווי אזוי זיך אליין צו פאַרווירקלעכן. עס איז אפשר איבעריק אונטערצושטרייכן, אז אין רעאלן לעבן איז גוט וואָס די קאָנקרעטקייט באקומט די אויבערהאנט — אָבער גלייכצייטיק מיט איר קומט די עפּאָכע פון דעפּאָעטיזירן דעם גאולה-חלום, פון אויפגעבן אויף א שטיק צייט דאָס פּאָעטישע געוועב און אויפהערן צו צויבערן די משיח-בענקשאפטן נאָך אן אויסגעלייזטער וועלט. איצט איז נישט די צייט פאר דער משיח-ראָמאנטיק. דאָס יידישע פאָלק איז איצט אוועקגעשטעלט געוואָרן פארן גרויסן נסיון פון פארשטארקן די ערשטע טיילן פון דערגרייכטער אויסלייזונג. און אין דעם פראָצעס איז ביז גאָר נויטיק צו שעפּן יניקה פון דעם ביז איצט אויסגעחלומטן און עס האלטן אין אונדזער אוצר ביז דער צייט, ווען דער גאולה-ראָמאנטיזם וועט זיך ווידער באנייען.

אונדזער ארבעט האָט זיך געמיט צו באווייזן, אז די יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע איז א געוואלטיקער טייל פון דער דאָזיקער משיח-ראָמאנטיק און אז די אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן, וואָס האָבן געדיכטעט אויף דער משיח-טעמע, זענען אייגנטלעך אין א געוויסן זין די לעצטע מאָהיקאנער פון די גאולה-טרוימער.

דער שפּעטערדיקער היסטאָריקער וועט אפשר אָנווייזן, אז אונדזער דור איז נישט אנדערש פון אנדערע דורות. יעדעס מאָל נאָך א גרויסן יידישן חורבן איז אויפגעקומען א משיח-באוועגונג און דער דור האָט געפונען זיין טרייסט אינעם משיח-חלום. אזוי איז דערשינען שלמה מולכו מיט ראובנין נאָך דער שפּאנישער אינקוויזיציע, און אזוי איז געקומען שבתי

צבי נאָך די כמעלניצקי שחיטות פון 1648. אויך אונדזער דור האָט זיך נאָך דער היטלער-פאַרניכטונג פאַרמאָסטן אויפן זעלבן וועג, אָבער געפונען די נחמה אין דעם אָפּשיין פון דער גאולה — אין דער פאַרווירקלעכונג פון מדינת ישראל. נישט אומזיסט האָט די יידישע פּאָעזיע אָנגעוויזן, אז פון מיידאנעק ביז מדינת ישראל ציט זיך א משיח-ליד. אָבער די עפּאָכע פון מיידאנעק ביז נאָך מדינת ישראל פאַרדינט שוין א באזונדער ארבעט און אפשר איז נאָך איצט נישט די צייט דערויף.

די יידישע פּאָעזיע האָט געמוזט מקיים זיין איר חוב פון אבילות און דערנאָך משמח זיין מיט דער מדינה. איז צווישןביידע אביסל איינגעשטילט געוואָרן דאָס וויזיאָנערישע קול פונעם משיח-טאָן. ער וועט אָבער נאָך זיכער פאַרגעזעצט ווערן. אויף דעם געביט האָט אפשר אונדזער דור מיטגעזונגען צוזאמען מיט איינעם פון אונדזערע יינגסטע פּאָעטן אין אמעריקע, חיים גראַדע [62]:

״רבונו דעלמא כולה,
ניטאָ מער קיין כח צו ווארטן
מיר נעמען זיך אָן פאַר די הענט
און מיר גייען אליין צו דער גאולה״.

(„שיין פון פארלאָשענע שטערן״,
ב. איירעס, 1952, ז׳ 28).

### ב.

אָבער אינעם אלגעמיינעם אוצר פון יידישן געדאנק און יידישן געזאנג האָט די אמעריקאנער-יידישע פּאָעזיע אויסגעטראָגן איר גרויס משיח-ליד... דער יידישער פּאָעט אין אמעריקע האָט מיטבאגלייט דאָס יידישע פאָלק אין זיין וואנדער, מיטגעוויינט אויף זיין גלות און מיטגעטרוימט מיט זיין גאולה-טרוים. דאָס טאָר נישט פארגעסן ווערן. דאָס יידישע משיח-ליד ווארט נאָך אויף דער גרויסער איינגלידערונג אין דעם גאנצן בנין פון דער יידישער וויסנשאפט און דעם יידישן אויסלייזונגס-געדאנק.

---

62) חיים גראַדע — געבוירן אין ווילנע אין 1908. געקומען קיין אמעריקע אין 1948, אָנגעהויבן צו דרוקן לידער אין 1934.

אין וואָס איז אייגנטלעך געלעגן דער היסטאָרישער פאַרדינסט פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע אויף דעם געביט? מיר האָבן עס שוין אָנגעוויזן אין דער ארבעט גופא. ראשית כל: ווי נאָר עס האָט גענומען שטראָמען א יידישע עמיגראציע קיין אמעריקע, וואָס האָט מער נישט געהאט קיין קאָנטאקט מיט דער יידישער טראדיציע. און עס האָט געדראָט, אז דער אימיגראנט זאָל פארכאפּט ווערן פון דער שאַפ-ווירקלעכקייט, האָט אים דאָס יידישע ליד געלערנט חלומען פון עפּעס העכערס. צוערשט האָט עס געהייסן, אז ער דארף חלומען וועגן א בעסערן לעבן. דערנאָך האָט עס געהייסן, אז ער דארף זיך און די גאנצע וועלט באפרייען פון דעם אונטערדריקערישן יאָך. ווי נאָר מען האָט דעם יידישן ארבעטער און אימיגראנט געלערנט די תורה פון רעוואָלט — מעג אפילו זיין אונטערן מאנטל פון אטעאיזם — האָט מען אים שוין איינגעהאמערט אין קאָפּ דעם געדאנק, אז ער לעבט אין א גלות. דאָס האָט געמעגט זיין א קאפּיטאַליסטישער אָדער א בורזשואזער גלות פון וועלכן דער ארבעטער קען זיך אליין באפרייען; דער גלות האָט נישט געמעגט זיין קיין ספּעציפיש-יידישער און דער באפרייער גופא האָט געמעגט זיין אלוועלטלעך — אָבער אויך דערמיט האָט מען אין דעם יידישן ליד-זינגער ארייַנגעברענגט משיחיסטישע בענקשאפטן — און דערפאר דערלויבן מיר זיך ארייַנצורעכענען עדעלשטאַט, ווינטשעווסקין און באָוושאָווערן צווישן די משיחיסטישע פּאָעטן פון דער יידישער אמעריקע, הגם זיי האָבן דעם יידישן משיח געזוכט צו פארלייקענען.

דורכן אנאליזירן און פארגלייכן די לידער פון די אטעאיסטישע רעוואָלוציאָנערן און פרייהייטס-טרוימער זעען מיר ווי ווייט זיי זענען דירעקט אָדער אומדירעקט באאיינפלוסט געוואָרן סיי פון דער יידישער טראדיציע, סיי פון די יידישע אגדות און סיי פון דעם יידישן אויסטייטש פון תנ״ך — ביז אויך זייער אלוועלטלעכע רעוואָלוציע און אויסלייזונג איז געוואָרן א גלגול פון דער יידישער משיח-בענקשאפט. מיר האָבן זיך באמיט צו באווייזן, ווי אזוי די רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן פון יענע דורות האָבן פשוט אימיטירט און אריבערגעטראָגן דעם טראדיציאָנעלן יידישן משיח אויף דער רעוואָלוציאָנער-אלוועלטלעכער בירזשע.

די יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע איז דעריבער פּאקטיש ביי איר אָנהויב געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער יידישער משיח-טראַדיציע און גלויבן, הגם מען וויל זי גאָר פאַרשטעלן ווי פאַרלייקענער און דערוווייטער-טע פון יידישן געדאַנקען-גאַנג. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז זי האָט בלויז סובלימירט היינטערבאַוווּסטזיניק דעם יידישן משיח-געדאַנק — אָבער באַוווּסטזיניק האָבן די ערשטע אַמעריקאַנער-יידישע דיכטער זיך געוואָלט אָפּטרייסלען פון נאַציאָנאַלן גאולה-פּאַטאָס לטובת אַלמענטשלעכע אידעאַלן.

ג.

מיר האָבן זיך אין די פריערדיקע קאַפּיטלען באַמיט צו באַהאַנדלען אַ צווייטן דור פּאָעטן, וואָס האָט זיך אויך געקלאַמערט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן געדאַנק — ווי מאָריס ראָזענפעלד אַלס רעפּרעזענטאַנט פון דער גרופּע — און טאַקע געהאַלטן מאַרקסן, ענגעלסן און לאַסאַלן פאַר די נייע נביאים און משיחים; אָבער זיי האָבן שוין אַריינגעפלאָכטן אַ באַוווּסטזיניק-יידישן טאָן אין דער אַלוועלטלעכער גאולה-ראָמאַנטיק. אויב די עדעלשטאַטס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם יידישן טאָן לטובת דעם אַלמענטשלעכן — און דאָס יידישע נביאים-קול האָט זיך ביי זיי ב׳גוואַלט אַרויסגעריסן פון יעדעס וואָרט — זענען אַזעלכע נאַציאָנאַלע און רעוואָלוציאָנערע דיכטער ווי אַ. ליעסין און ראָזענפעלד לכתחילה צוגע-גאַנגען מיט אַ באַוווּסטזיניקער יידישקייט צו זייער אַלוועלטלעכן גאולה-חלום. זיי האָבן דעריבער אין זייערע לידער אַריינגעבראַכט דעם יידישן נאַציאָנאַליזם און יידישן משיח-ווייטיק ווי אַ צוגאָב צו דער גאולה פון דער וועלט.

אין אונדזער אַרבעט האָבן מיר אויך אָנגעוויזן, אַז די פּאָעזיע פון דער ראָזענפעלד-תקופה האָט זיך נישט געהאַט פאַרנומען מיט דער משיח-פּראָבלעמאַטיק. פון עדעלשטאַטן ביז ראָזענפעלדן און ווייטער האָבן די יידישע פּאָעטן בלויז געחלומט, אַז דער דערלייזער אָדער דער באַפרייער זאָל קומען. — אָבער ווי נאָר ער וועט קומען — וועלן שוין גאָרנישט זיין קיין זאָרגן און קיין אינערלעכע ראַנגלענישן. דער גואל, אָדער דער משיח איז די פולשטענדיקע פּערפעקציע פון אַלדאָס העכסטן, ריינסטן און שענסטן. קענען שוין נאָך זיין קומען נישט זיין קיין פּראָבלעמען. אויב

דער דערלייזער וועט זיך פּערזאָניפיצירן אין א מאסן-רעוואָלוציע — וועט זי זיין דאָס הערלעכסטע וואָס דאָס פאָלק קען באשאפן; און אויב דאָס וועט זיין א יחיד — וועט ער זיין דער העכסטער סימבאָל פון שלימות.

די פּאָעזיע פון דעם מין האָט נאָר געהאט איין שונא: דעם רייכן און דעם אונטערדריקער. דערפאר איז אָבער ביי איר קיין שום ספק נישט געווען, אז די מאסע און די אונטערדריקטע וועלן קיינעם קיין שלעכטס נישט טון און זיי ווילן נאָר דאָס שענסטע. נאָך מער איז ביי זיי קיין שום ספק נישט געווען, אז דער ער, דער גואל אָדער באפרייער וועט נאָר טון דאָס וואָס רעכט איז, און מען קען גאָרנישט טראכטן, אז אויך ער קען באווייזן רשעותן, אָדער אז אויך ער זאָל אמאָל נישט וויסן ווי אזוי צו האנדלען. אונדזער ארבעט באווייזט, אז גראָד די אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן פונעם רעוואָלוציאָנער-אטעאיסטישן הדר האָבן געהאט א גאָר בלינדן צוטרוי צו דער דערלייזטער מאסע און צום דערלייזער. אויף דעם געביט זענען זיי גאָר געגליכן צו די פרום-גלויביקסטע אין דער משיח-האָפענונג, וואָס נאָך איר קען שוין גאָרנישט קומען קיין שענערס. דער איינפלוס פון דער רעליגיעזער טראדיציע דווקא אויף דער אטעאיסטיש-רעוואָלוציאָנערער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע איז דערביי ממש שטוינ-לעך, ווי די ציטאטן אויפן אָרט באווייזן . . . מיר האָבן זי נאָר איינגעטיילט, און מיט רעכט, אויף צוויי גרופּן: די עקסטרעמע אינטערנאציאָנאליסטן, ביי וועמען דאָס יידישע איז גאָר געקומען דורך זייטיקע וועגן און באאיינפלוסט זייער געזאנג, און אינטערנאציאָנאליסטן מיטן אינערלעכן נאציאָנאלן פייער.

ד.

אין אונדזער ארבעט ווייזן מיר אויך אָן, הגם מיר שעפּן נישט אויס די פארשיידענע זייטן פון דער טעמאטיק, אז א טייל פון דער יידישער פּאָעזיע אין אמעריקע האָט זיך א געוויסע צייט געלאָזט פארכאפּן פון דער קריסטלעכער יעזוס-ראָמאנטיק. טייל האָבן עס געמאכט מיט קאָקעטישער אָפנקייט, און טייל האָבן געוואָלט איינהילן זייער נייגונג צום געקרייציקטן — ווי א סימבאָל פון משיחישער מארטירערשאפט — אין געוויסע יידישע מאמרים. דערפאר האָבן זיי בעיקר אויפגעכאפּט אזעלכע מאמרים פון די

יידישע מקורות, וואָס רעדן פון א משיח פול מיט ווונדן ביי די טויערן פון רוים, ווייל דאָס האָט זיי געגעבן א מעגלעכקייט צו מעדיטירן קריסטלעכע מאָטיוון אונטער יידישע פּרעטעקסטן. דערפאר אויך, זאָגן מיר, האָט דווקא דאָס משיחישע געשטאלט פון די שפעטערדיקע צייטן — שלמה מולכו — געלאָקט א גרויסן טייל פון די יידישע פּאָעטן מער ווי אנדערע געשטאלטן. די זעלבע עלטער ביי מולכון און „אותו האיש״; מולכוס פארפייניקט ווערן פאר זיין משיח-נביאות און די לעגענדע פון זיין אויפשטיין צוריק תחיית המתים — דאָס אלץ האָט געגעבן א געלעגנהייט צו קענען אין אים סובלימירן די בייגונגען צו דעם מארטירער-אויסלייזער, וואָס די קריסטן האָבן דערוואָרבן. ווי מיר ווייזן אָן, איז דאָס געווען די שוואכקייט פון א סך אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן — אפילו צווישן די גרויסע משיח-פּראָבלעמאטיקער. זיי האָבן דאָס געטון, באטראכטנדיק אים ווי א משיח פון א גאנצער וועלט.

מיר ווייזן אויך אָן, אז דאָס יעזוס-געשטאלט אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע איז בלויז געווען א זייטיקער און עפּיזאָדאלער „פלירט״. מיט דער צייט האָט זי זיך לגמרי אָפּגעטרייסלט פון דער דאָזיקער מארטירערישער יעזוס-אילוזיע, און עס האָבן זיך באוויזן שארפע טענער פון שפּאָט און אנטוישונג. טייל פון די דאָזיקע טענער האָבן מיר ציטירט אין די מעגלעכע ראַמען פון אונדזער ארבעט. ביסלעכווייז האָט זיך דער משיח-געדאנק פון דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע אָפּגעטרייסלט סיי פון דער אלוועלטלעך-אטעאיסטישער ראָמאנטיק און סיי פון דער קריסטלעך-ליידנשאפטלעכער השפעה. זי האָט אָנגעהויבן צו גיין דורך יידישע בריקלעך צו דער וועלט, און זי האָט זיך אומגעקערט פון דער גרויסער וועלט-אנטוישונג צו דער יידישער פיזישער ענגשאפט און גייסטיקער ברייטקייט. אָבער די ערשטע דורות יידישע דיכטער אין אמעריקע האָבן בלויז באזונגען די משיח-געשטאלט, אָבער באין אופן נישט געוואגט צו אנאליזירן און פאַרשן די מעגלעכקייטן פון זיין גאולה-כח.

ה.

ווי מיר ווייזן אָן, איז דאָס געוואָרן דער אידעאישער טאָן — הגם פּאָעטיש, סטיליסטיש און ניואנסירט-טעמאטיש זענען זיי אויך געווען

אנדערש — פון א גרויסער צאָל פּאָעטן נאָך ראָזענפעלדן און ליעסינען.

די פּראָבלעמאַטיש-מאָטערנדיקע משיח-פּאָעזיע הויבט זיך ערשט אָן ביים דור פון די „יונגע". א טייל פון די „יונגע" האָט זיך שוין נישט באנוגנט מיט דעם צוזאָג, אז ער קומט. אפשר וועט ער טאקע קומען מיט דער גאנצער מאכט און גלאנץ, אָבער זיין אויסלייזעריש פּרצוף אליין זאָל נישט לאָקן. די פּאָעטן פון דעם דור האָבן זיך דערפאר א סך געמאַטערט צו דערזען משיחס פּנים. זיי האָבן אויך געקלערט וואָס וועט זיין, אז אויך משיח וועט באגיין פעלערן און טון אומרעכט ... וואָס דאן? ווי אזוי דאן אויפנעמען די גאולה? דער קלאסיקער פון אָט דער יסורים-פּאָעזיע, אפילו אין ליכט פון גאולה, איז ה. לייוויק. אין זיינע ווערק האָט ער ארויסגעברענגט א ריי משונהדיקע מעגלעכקייטן און דערמיט געלייגט דעם יסוד פאר א גאָר פארקערטן דור פון אויסגעלייזטע. ביי לייוויקן קען שוין משיח זיין אויף דער וועלט און אפילו די מאסע זאָל באקומען די מאכט, — און דאָך זאָל נישט טויגן, ווייל נישט די מאסע איז אזוי כשר-גוט ווי די פריערדיקע פאָלקס-פּאָעטן האָבן געוואָלט פעסטשטעלן מיט זיכערקייט, און נישט משיח אליין האָט אזא מעגלעכקייט אדורכצופירן מיט בלויזער ריינקייט די גאולה ... און וואָס איז ווערט א גאולה, וועלכע מוז באפלעקט ווערן מיט בלוט? די דאָזיקע טעמע און ספיקות ווערן ביי לייוויקן די פיקסירטע משיח-שטימע. אין אונדזער ארבעט באווייזן מיר, אז לייוויקס אייביקע שאלות-פרעגעריי אויף משיחן האָט אויפגעוועקט א נייע משיח-טעמאַטיק און דערפירט צו א ברייטער אידייען-גאמע אין דער אמעריקאנער-יידישער פּאָעזיע.

אָבער דער דור „יונגע" האָט נעבן לייוויקן ארויסגעגעבן א מאני לייב. פונקט ווי לייוויק קען זיך קיינמאָל נישט צופרידנשטעלן מיט משיחס גרויסקייטן און זעט שוין היפּוכים אין דעם בלויזן זיין משיח און א געוויסע זינד אין דעם זיין פאראנטוואָרטלעך פאר די מענטשלעכע גורלות; פונקט ווי לייוויק וויל זיין פּאָעטישן משיח טרייבן צו די סאמע העכסטע הויכן און נאָך אלץ אים נישט טרויען — אזוי איז מאני לייב צופרידן מיט א שטילן, בעטלערישן אליהו הנביא, וואָס באווייזט קליינע, פּראָסטע וווּנדער פאר פּראָסטע, אָרעמע יידן און וועלכע האלטן זיך נישט אָן אין דער

אייביקייט. פאַר אים איז געגוג דער דערלייזער אויף א רגע, וואָס באַווייזט דעם גם אויף א טאָג.

צווישן די „יונגע״ דערמאָנען מיר אויך מנחם באָריישאָן, וועלכער רעוואָלטירט זיך דורך זיינס א הויפּט-העלד קעגן משיחס קומען בכלל — ווייל מיטן אייביקן ווארטן אויף זיין קומען שטרייכן מיר אונטער, אז דער מענטש קען סיי-ווי נישט דערגרייכן קיין שלימות. אז נישט וואָלט דער מענטש זיך אליין געקענט אויסלייזן, און נישט געדאַרפט ווארטן ביז ער וועט קומען און ער וועט דערלייזן. אין דער משיחישער טעמאטיק פון די „יונגע״ — בעיקר ביי מנחמען און א. גלאַנץ-לעיעלעסן קומט דערביי ארויס די אנטי-ציוניסטישע טענע, לויט וועלכער משיח קען נישט געבונדן ווערן פון קיין לאַנד, אפילו נישט פון קיין פאָלק. דאָס יידנטום איז נאָר דער טרעגער פון דעם משיחיסטישן געדאַנק פונקט ווי ירושלים איז געוועזן דער אָנהויב. דאָס יידנטום איז דער ירושלים צווישן פעלקער — אָבער באַין אופן קען מען קיין גאולה נישט אָנבינדן אין קיין ספּעציעל לאַנד.

ו.

מיר ווייזן דאָ אויך אָן, אז נאָך די „יונגע״ וואָס האָבן אויפגעהויבן די משיחיסטישע טעמע צו די העכסטע הויכן און פאַדערונגען, איז געקומען א דור, וועלכער האָט דעם משיחיזם צוריק געוואָלט דערנעענטערן צו דער פאָלקסטימלעכער פשטות פון פריער. דער טיפּישער פאַרשטייער פון צוריק-ברענגען דעם גאולה-טרוים צום פאָלקס-שטייגער נאָך דעם ווי דער לייוויק-דור האָט אים אוועקגעצויגן צו די קאָמפּליצירטסטע תקירות און מאטערנישן, איז געוועזן י. י. סיגאל. זיין משיח איז דאָס זיין אָרעם גופא. אָבער צוזאמען מיט אים באַווייזט זיך אזא קבלה-פּאָעט ווי אהרן צייטלין, ביי וועלכן דער משיח איז שוין גאָר קאָמפּליצירט און ער מוז דווקא האָבן לילית הטמאה פאַר א מוטער, ווייל בלויז דורך א שותפות צווישן דער שלעכטער זייט פון דער וועלט מיט דער גוטער וועט דאָס משיח-געשטאלט זיין שלימותדיק. משיח דאַרף, לויט אים, קענען דאָס שלעכטס דורך זיין אייגן בלוט. לויט צייטלינען איז גאָרנישט מעגלעך, אז א ייד זאָל נישט זיין קיין משיח-

וואַרטער, אפילו ווען ער ווייסט עס נישט, וויל עס נישט און פאַרלייקנט אים גאָר.

אונדזער ארבעט ווייזט אָבער אויך אָן, אז נאָך אלע קאָמפּליצירטע משיח-טענער האָט זיך דער לעצטער דור פון דער משיח-פּאָעזיע ווידער צוגעטוליעט צום פשוטן משיח-געדאנק, וואָס גלויבט, אז אין דער משיח-געשטאלט ליגן שוין אלע שלימותן און קיינער קען שוין די משיח-פּראָבלע-מאטיק נישט גרונטעווען. דאָס הייסט אייגנטלעך, אז די יידישע פּאָעזיע אין אמעריקע האָט געמאכט א רונדיקן גאנג. אָנגעהויבן האָט זי ביי אבסאָלוטן און ענדלאָזן גלויבן — אָן חקירות — און זי האָט זיך צום זעלבן גלויבן צוריק אומגעקערט. אָבער דער אונטערשייד פון די לעצטע פּאָעטן ביז די ערשטע פונעם עדעלשטאט-דור באשטייט דערין, וואָס יענע האָבן זייער אָבסאָלוטן גלויבן אָנגעהאָנגען אין א מין פאַרלייקענונג פון דעם נאציאָנאלן מאָמענט, בעת די היינטיקע אמעריקאנער-יידישע פּאָעטן — וואָס שרייבן אויף דער משיח-טעמע — האָבן אָפּגעלייגט די חקירות און גענומען דעם אבסאָלוטן גלויבן ווי א טייל פון עכטער יידישקייט.

זיי האָבן זיך צוריק אומגעקערט צו אלטע פסוקים, צו שטיקלעך רש״י און צו די ריינסטע אָנצוהערענישן פון דער טראדיציע. דער גייסטיקער גואל האָט אדורכגעשפּרייזט די יידישע פּאָעזיע דורך פאַרלייקענונג, חקירה, סובלימאציע און זיך סוף כל סוף אומגעקערט אין זיין היים פונעם יידישן ליד ווי א גאנצער און יידיש-געלייטערטער. די טראדיציע מיט דער אמערי-קאנער-יידישער פּאָעזיע האָבן זיך דערקענט און צוזאמען אויסגעהאָפטן א בילד פון א בשותפותדיקן משיח.

ניו-יאָרק, יוני, 1954.



# זוכצעטל פון נעמען

# דערשינען אין פארלאג „חיפה"

## ביי דעם יידישן שרייבער־פאראיין אין חיפה.

| | |
|---|---|
| מ. קראַשניץ און ד. ראַדין (רעד.) | חיפה נומער 1 |
| מרדכי קראַשניץ | אייגנס |
| רבקה קוויאטקאָווסקי-פנחסיק | בידיים נאמנות (העברעאיש) |
| דוד ראַדין | דער שמעטערלינג |
| מרדכי קראַשניץ | נאַטור און מענטש |
| מ. קראַשניץ און ד. ראַדין (רעד.) | חיפה נומער 2-3 |
| רבקה קוויאטקאָווסקי-פנחסיק | אין זיכערע הענט |
| נחמן מייזיל | ד"ר חיים זשיטלאָווסקי 1865-1965 |
| ד"ר ישראל חיים פאָמעראַנץ | משיח-מאָטיוון אין דער אמעריקאַנער-יידישער פאָעזיע |

דערשיינען בקרוב:

| | |
|---|---|
| מ. קראַשניץ און ד. ראַדין (רעד.) | חיפה נומער 4 |
| עזרא להד | שלום-עליכם אויף דער העברעאישער בינע |
| מרדכי קראַשניץ | ערד |